שפּאַציער פרייליך ווען דיא ארביים איז פערטיג.

מען לערנט דעם גאַנצען לעבען און מען שטאַרבט א נאַר.

דאס וואס עס איז פאַרביי סע. מען שוין צוריק נים אומקעהרען

א גרויסע שיף ברויכט א טיעפען וואַסער.

וואס מיר האבען היטען מיר ניט, און ווען מיר פערליערען עס וויינען מיר.

אויף וואס פאַר א פוהר מען זיצט אזא ניגון מוז מען זינגען.

אורטהייל ניט דעם צווייטען בעפאַהר דוא קענסט זיין לאַגע.

זיעבען מאל מעסט אַב אום איין מאל אבצושניידען.

שפּרינג ניט אין וואַסער ביז דוא ווייסט ניט וויא טיעף ער איז.

וויפיעל דוא ווערסט א וואָלף ניט קאַרמענען, ער וועט אלץ צום וואלד ציהען.

א וואָלף וועקסעלט נור זיינע האָאר אבער ניט זיין נאַטור.

פון א קאַטץ דעם לייטער נעהמט מען ניט אוועק.

א טויטען פון בית עולם פיהרט מען ניט צוריק.

וואס פון וואָגען איז אראָבגעפאַלען רעכען שוין פאַר פאַרפאַלען.

דיא מענשליכע פריינדשאַפט ענדיגט זיך ביי׳ם פּאַקעט.

ניט א׳עס איז גאָלד וואס עס שיינט.

א נאָל איז א זאק קען מען ניט בעהאַלטען.

מעהר אין וואַלד מעהר האָלץ.

א בעריהמער איז נוט צו שלאָגען.

דער וואָרעם איז שטילל אבער ער גראָבט טיעף.

דער שרעק האט גרויסע אויגען.

איין שוואַלב מאַכט קיין זומער.

אלער אנפאַנג איז שווער.

דאס ווערק לויבט זיין מייסטער.

פערטיגע ברויט פון הימעל פאַלט ניט אראָב.

פאָרזיכטיגקייט איז דיא מוטער דער טוגענד.

פוילקייט איז דיא מוטער דער פערברעכען.

אייל דיך צו געניסען פון לעבען, מאָרגען קען שפּעט זיין.

„איהר קאנט יעצט פאָהרען!“ — האט דער רויבער געזאָגט, און דיא עקי־פּאַזשע האט זיך שנעל אוועקגעקייקעלט פון דעם שרעקליכען מענשען.

„ווי געפעלט עס דיר?“ — האט איינער פון דיא פּאַסאַזשירען געזאָגט צום צווייטען.

„מיר געפעלט עס נאָך ניט,“—האט דער צווייטער געאנטוואָרטעט. „אבער וואָס זאָגסט דו צו דיא האָר פון דיזען רויבער,—מיר שיינט איך וועל איהם דער־קענען ווען איך וועל איהם נאָך איין מאָל זעהן“.

„יא, געוויס, איך אויך, מיר וועלען גלייך אויף אונזער אנקונפט אין לאָנדאָן דער פּאָליציי מעלדען דיזען פאַל און געבען דיא צייכען פון דיזען רויבער, זיי וועלען איהם אָהנע צווייפעל דערקענען.—אבער לאָמיר יעצט אַ מינוטערען מאַריען.“

„חא, חא, חא!“—האט דער רויבער געלאַכט,—„זיי האָבען קיין וואָרט גע־רעדט און גלייך געטהאָן וואָס איך האב געהייסען, דאָס איז גוט, אזעלכע קונדען האָב איך ליעב.“

ער האט דאָס געלד און דיא שמוק זאכען צוזאמענגעקליעבען און האט זיך נאכהער פערטראַכט, „דיזע וועלען געוויס גלייך דיא פּאָליציי מעלדען וועגען דיזען פאַל און פּאָליציסטען וועלען גלייך ארויסגעשיקט ווערען מיך צו זוכען, אלזאָ גוט...“—

ער האָט דיא פּאַריקע ארונטערגענומען פון זיין קאָפּ און האט עס אויפגעהאַנגען אויף א בוים, חא, חא, חא, חא! דיא פּאָליציסטען וועלען אָנשטאָט מיך דיזע גרויסע, שוואַרצע פּאַריקע פינדען“....



אויף דעם זעלבען וועג איז געריטען א יונגער מאַן אויף א פּרעכטיגעס פערד, ער איז אויך געפאַהרען נאָך לאָנדאָן. לאַנגזאַם איז ער געפאָהרען און האט גע־טראַכט וועגען זיין געליעבטע כלה וועלכע ער פאָהרט יעצט זעהן, און א ליעבע־פאָלער שמייכעל האָט אויף זיינע ליפּען געשפּיעלט.

„וואָס זעה איך, איינע פּאַריקע!?“ — האט ער אויסגעשריען דערזעהענדיג אויף א בוים א גרויסע, פּעך־שוואַרצע פּאַריקע. ער האט עס ארונטערגענומען און בעטראַכט. נאָך א קורצעם דענקען האט ער זיך צולאַכט און האט אנגעצאָגען דיזע פּאַריקע אויף זיך. „חא, חא, חא! ווי איבעראַשט מיינע טהייערע בראוט וועט ווערען ווען זיא וועט מיך דערזעהן אין דיזער מערקווירדיגער פּאַריקע, א שיינער שפּאַס וועט עס זיין!“ אזוי האט זיך דער יונגער מאַן געטראַכט און געקוואָלען וועגען דעם שפּאַס א היבש לאַנגע צייט. אלס פּלעצליך האָט ער דערהערט דאָס לויפען פון פערד קאָמענד פון טיעפען וואלד און א געשריי „האַלט! שטעה!“

„דאס מוזען זיין רויבער״—האט איהם אויפגעבלימצט דער געדאנק און גלייך איז זיין פערד געפלויגען מיט איין געפעהרליכער שנעלקייט. אבער ער האט דייטליך געהערט דאס מען יאגט איהם, צו זיינע אויערן האבען גערייכט געשריען פון מענשען, דאס קלאפען פון פערד און שיסען.

„שלעכט״—האט זיך דער יונגער מאן געטראכט אלס איין קוגעל האט דורכגעפייפט נעבען זיין אויער. „שלעכט, אויב איך וועל זיך ניט אונטערגעבען וועט מען מיך דערשיעסען.״ און דאך האט ער געהאפט אויף דאס שנעלינקייט פון זיין גוטעס פערד וועלכעס האט זיך געטראגען וויא דער ווינד. אבער גלייך האט זיך דערהערט נאך א פאאר שיסע, דאס פערד האט געגעבען א שפרונג און איז אומגעפאלען, צוויי קוגעלן האבען געלעכערט זיין רוקען.

דער רייטער איז אומגעפאללען מיט'ן פערד, און מען קאן זיך פארשטעלען דעם יונגען מאנ'ס פערוואונדערונג אלס אנשטאט רויבער זיינען נאר נעבען איהם יעצט געוועזען ביז צעהן פאליציסטען.

נאך איידער ער האט צייט געהאט צו פרעגען וואס עס בעדייט זייער יאגען זיך נאך איהם, ווארען סעבען אויף זיינע הענד.

ער האט פראטעסטירט נעבעכען אבער די פאליציסטען האבען איהם ניט געהערט און געבראכט אין שטאדט אלס ארעסטאנט. זיין פערוואונדערונג וואר נאך גרעסער אלס צוויי רייך געקליידעטע הערען א יונגע דאמע און נאך א מאן אנגעטאהן אלס קוטשער זיינען געקומען אין פאליציי הויז און דערזעהענדיג איהם האבען אויסגעשריען: „יא, דאס איז דער רויבער!״

• • •

דער געריכטס זאאל וואר פול געפאקט מיט מענשען. יעדען האט אינטערעסירט דער פראצעס פון דעם רויבער מיט די גרויסע שווארצע האאר. אללע האבען זיך געוואונדערט וויא קומט דיזער יונגער מאן וועלכער איז פון זייער רייכער פאמיליע און האט אזא רייכע כלה, צו זיין א רויבער. די פאמיליע פון יונגען מאן האבען געטאהן אללעס מעגליכע אים זיין בעפרייהונג. גרויסע אדוואקאטען ווארען זיינע פערטהיידינער, מען האט געשמירט מיט געלד די בעאמטע, אבער עס האט גאר ניט געהאלפען און דער פראצעס האט געמוזט שטאטפינדען און עס וואר זיכער דאס דער רויבער וועט זיין פערדינטע שטראפע ערהאלטען.

די צוויי רייכע הערען, די דאמע און דער קוטשער האבען איינשטימיג ערקלערט דאס דיזער מאן מיט דער שווארצער פאריקע וואר דער רויבער וועלכער האט זיי אין וואלד אבגעהאלטען און בערויבט.

דער יונגער מאַן האָט געשוואָרען דאָס ער ווייס ניט פון וואס צו זאָגען, דאס ער האָט דיא פאבריקע געפונען און אלס שפּאָס אָנגעטאהן. זיין פאמיליע, דיא כלה, און בעקאנטע האָבען געשוואָרען דאס זיי קענען איהם אלס פיינעם אָרדענטליכען מאַן, אָבער דיא פערקלעגער האָבען איינשטימיג געשריען: דאס נור ער וואר דער רויבער.

שלעכט, אללעס וואר געגען איהם. פיער לייטע שווערען אויף דעם דאָס נור ער האָט זיי בערויבט און דער אונגליקליכער יונגער מאַן האָט מיט פינסטערע בליקען געקוקט אויף דיא געשוואָרענע וועלכע וועלען באלד איהם אלס שולדיג ערקלערען.

זיינע צוויי אדוואָקאטען האָבען געריסען בערג מיט זייערע רעדען, אבער עס האָט אויף דיא געשוואָרענע קיין איינדרוק געמאכט און מען האָט אויף זייערע געזיכטער געקענט לעזען דאס שרעקליכע וואָרט „שולדיג!“

דיא געשוואָרענע האבען זיך צוריקגעצויגען אין א בעזונדער צימער און אלע האָבען מיט קלאַפּענדע הערצער ערווארטעט זייער צוריקקעהר. ענדליך זיינען זייא אריין און אויף דער פראגע פון ריכטער וועגען זייער בעשלוס האט דער עלטערער אויסגערופען „שולדיג!“

אבער אין דער מינוט איז א רייך געקליידעטער שעהנער מאַן ארויס פון פובליקום און איז צוגעגאנגען צום ריכטער און דיא געשווארענע.

„ווערטהע הערען!“ — האט ער מיט א זאנפטער שטיממע אנגעפאנגען: אזוי וויא איהר האט יעצט ערקלערט א מענשען שולדיג אין א שרעקליכען פערברעכען, — א מענשען וועלכער שווערט דאס ער איז אונשולדיג, — א מענשען וועלכער איז פון זייער רייכער פאמיליע, און פון גרעסטען אדעל, און אבוואהל דיא פיער צייגען געגען איהם שווערען דאס ער איז דער רויבער וועלכער האט זיי אין וואלד אבגעשטעלט און בערויבט, קאן דאך מעגליך זיין דאס ער איז אונשולדיג, דארום בעט איך מען זאל מיר ערלויבען נאך איין מאהל א קורצע פערהאנדלונג אנפאנגען דורך וועלכע איך האָף דיא וואהרהייט צו דערגעהן.“

אלע האבען דעם מאַן פערוואונדערט אנגעקוקט און דער ריכטער נאך א קורצע איבערלעגונג האט עס איהם ערלויבט.

דער געהיימניספאָלער מאַן האט דאן געהייסען דעם איינגעקלאגטען אנצוטאהן דיא פאבריקע און האָט ווידער גערופען דיא צייגען. ער האט זיי געהייסען זיך גוט איינקוקען אין דאס געזיכט פון יונגען מאַן און נאָך איינמאָל זאָגען זייער מיי-

נונג אויב דאס איז דער רויבער. דיא ציינגען האבען אויך דיזען מאל געשוואָרען דאס נור דיזער יונגער מאַן איזדער רויבער.

ראן האט דער פרעמדער גענומען דיא פאַריקע, האט זיא אָנגעצאגען אויף זיך און נעהמענדיג דיא צוויי רעוואָלווער פון כיש חגבע מען האט געפונען אין דעם זאָטעל פון דעם איינגעקלאָגטענס פערד, האט ער זיך געשטעלט נעגען דיא עדות און האט מיט א בעפעהלענדער שטימע אויסגערופען: „אויב איהר ווילט לעבענדיג נאך דער שטאדט אנקומען זאָלט איהר זאָ גלייך אייער גאנצעס געלד איבערגעבען!“

קוים האט ער דיזע ווערטער אויסגערעדט אלס דיא פיער ציינגען האבען אויסגעשריען: „גרויסער גאָט, דיזער איז דער רויבער, יא, דיזער!“

אין זאאל איז געוועזען שטיל וויא אויף א בית עולם און אלע האבען מיט פערוואונדערונג אנגעקוקט דעם פרעמדען.

דער פרעמדער מאַן האט קאַלטבליטיג דיא רעוואָלווערן אוועקגעלייגט, האט אויסגעטאהן דיא פאַריקע און זיך ווענדענד צום גערייכט האט ער שמייכלענד געזאָגט: „איהר זעהט שאן, הערר ריכטער און איהר ווערטהע הערען געשווארענע וויא מען קאן דיזע ציינגען גלויבען, פריהער האבען זיי צוואנציג מאהל געשוואָרען דאס נור יענער איז דער רויבער, וויא נור איך האב אנגעצאגען דיא פאַריקע שרייען זיי דאס איך בין דער ווירקליכער רויבער, איך וועטע דאס ווען דער הערר ריכטער אליין וועט אנציהען דיזע פאַריקע וועלען זיי מיינען דאס ער איז דער רויבער. איהר זעהט אלזאָ דאס דער יונגער מאַן איז ווירקליך אונשולדיג.“

א דאַנערענדער בראַוואָ האט דורכגעהילכט דאס גערייכט זאאל. דער יונגער מאַן וואַר בעפרייט, אבער אלס ער מיט זיין פאמיליע האבען געוואָלט דעם פרעמדען רעטער בעדאנקען וואַר ער שוין ניט מעהר דארט, ער איז פערשוואונדען.

דיא לעזער קענגען זיך מערקען ווער דער פרעמדער וואַר.

---

# א

## א „בת" אַ חצות.

ר' שלום־טרייטעל דער שמש פון דער שניידערשער שול, איז איינער אליין מיט זיין קאָרענע פושקע שמעק־טאבאק געבליבען אין שול.

דער עולם האָט ערסט אפגעדאווענט מעריב אונד איז זיך צונאנגען אהיים, איבערלאָזענדיג דעם אלטען שמש, ר' שלום־טרייטלען, איינער אליין, אום דיא שול צו פערשליססען.

ער האָט אויסגעלאָשען דיא חלב'נע ליכט ביים עמוד, איבערלאָזענדיג נאָר דיא גרויסע וועקסענע יאָהרצייט ליכט, וואָס האָט געשטעקט אין א ליימענעם שארבען מיט ערד אונד האָט געוואָרפען א מעלאנכאָלישען שיין אויף דיא נעקאלכטע ווענד פון שול. דאן האָט ער אויך אויסגעלאָשען דיא קליינע ליכטלעך אין דיא מעשענע הייגלייכטער אונד האָט זיך מכין געוועזען צו געהן אהיים, וואו עס האָט אויף איהם געוואַרט, וויא ער האָט דאָס מיט זיכערהייט געוואוסט, א טעפיל מיט ווארעמע לאָקשען.

מיט גרויס נחת־רוח האָט ער פון זיין קעשענע ארויסגענומען זיין קאָרענע פושקע מיט שמעק־טאבאק, האָט מיט דיא פינגער אָנגעשעפט א היבשע פּאָרציאָן פון דעם ברוינעם פולווער אונד האָט מיט דעם מכבד געווען זיינעביידע נאָזלעכער אונד אלס ער איז מיט דיעזער ארבייט פאָרטיג געוואָרען, האָט ער נאָך געוואָרפען א לעצטען בליק אויף דעם עמוד, אום זיך איבערצוצייגען, אויב ער האָט עפּעס ניט פערגעססען.

ריכטיג!... אָט ליעגט נאָך דער קהל'שער טלית, וועלכען דער מתפלל צו מעריב האָט ניט צוזאממענלייגענדיג כדבעי אוועק געוואָרפען אויף דעם עמוד.

ר' שלום־טרייטעל האָט זיך אלאָז נעטהאָן צום עמוד מיט דער אבזיכט, דעם טלית וויא געהעריג איז צוזאמען צו לייגען, ער האָט זיך אָבער באלד אָפּגעשטעלט.

— זאָלל ער זיך ליגען אזוי!—האָט ער צו זיך אליין געזאָגט—וואָס קען דאָס

שארען, ווען דער טלית וועט בלייבען ניט צוזאממענגעלייגט ? מארגען אין דער פריה צו שחרית, מוז מען איהם דאך סיי־וויא־סיי פאנאנדערנעהמען!

ער האט זיינע נאזלעכער ווידער מיט שמעק־טאבאק אנגעשטאפט אונד איז ארויסגעגאנגען פון שול. אריינשטעקענדיג דעם גרויסען שליססעל אין דעם פערראס־טעטען שלאסס פון דער טהיר, אום דיא שול צו פערשליססען, האט ער בײא זיך געקלערט:

— פלאי פלאים! איך בין שוין באלד דרייסיג יאהר שמש פון דער שול אונד עס האט זיך מיר נאך קיין איינציגען מאל נישט געטראפען צו זעהן איינעם פון דיא מתים, וואס קומען נאך האלבע נאכט אין שול אריין מתפלל צו זיין! אונד דאס איז מאקי מיין גליק! איך וואללט אפשר פאר שרעק געשטארבען!

ער איז זיך אוועקגעגאנגען צו זיך אהיים, האט זיך אנגעזופט מיט ווארעמע לאקשען אונד האט זיך געלייגט שלאפען.



מאחלע־טריינע, ר׳ שלום־טרייטעלס וויב, פלעגט שטענדיג מיט א שעה, אדער כמעט צוויא שעה פריהער פון איהר מאנן אויפשטעהן. פון דיא שמשות אליין האט מען נישט געקענט לעבען מיט א „געזינטעלע" פון צעהן נפשות, דעריבער האט מאחלע־טריינע, לעבען איהר מאנס שמשות, געזוכט פרנסה מהצד.

זיא פלעגט שטריקען פעדימנע אונד וואלענע זאקען פאר דיא רייכע בעלי־בתים פון שטאדט, אונד פלעגט פליקען פעדערן פאר דיא יוסטע בעלי־הבית׳טעס.

איהר שטיינער איז געוועזען אויפצושטעהן א פאר שעה פאר טאג, אפצוגיסען „נעגעל־וואסער", אפצוזאגען „ברכה" אונד זיך נעהמען צו דער ארבייט.

שטריקענדיג איהרע זאקען, אדער פליקענדיג איהרע פעדערן, פלעגט זיא זיך אין דער שטילל אפדאווענען ביז שמונה־עשרה.

אויך היינט איז זיא גאנץ פריה אויפגעשטאנען אונד איז שוין מיט צוויא פאר זאקען פארטיג געווארען.

— שלום־טרייטעל! שלום־טרייטעל! — האט זיא איהר מאנן אנגעהויבען צו וועקען, — שנועה אויף!... שוין צייט אין שול צו געהן!... דער עולם וועט שוין באלד קומען צום דאווענען!

שלום־טרייטעל איז אראפגעשפרונגען פון זיין הארטע באנק, אויף וועלכע ער האט געשלאפען, האט אפגעגאסען נעגעל־וואססער אונד האט געחאפט פון וואנד דעם שליססעל פון שול.

אלס ער איז ארויסגעגאנגען אין דרויסען, איז נאָך רעכט פינסטער געוועזען, נאָר ווייט אין מזרח־זייט פון דעם הימעל, האָבען זיך שוין געוויזען ווייסע שטרייפען.

מיט זיין אריינקומען אין דיא „פאָלעס" פון שול, האָט ער דערשראָקען א גאנצע סטאַדע ציגען, וואָס האָבען זיך דאָרטען זעהר בעקוועם געמאכט פאר דיא גאנצע נאכט. זייא זיינען האסטיג אויפגעשפרונגען אונד זיינען צולאָפען נאָך אללע זייטען.

— א מפלה זאָלל אויף זייא קומען! עס איז פון דיא ציגען נאָר ניט אויסצוהאלטען! — האָט ר' שלום־טרייטעל מיט כעס זיך אין באָרד אריינגעברומט אונד האָט אויפגעשלאָססען דיא גרויסע טהיר פון שול.

אינעווייניג איז נאָך שטאַרק פינסטער געוועזען. מען האָט מעהר ניט געזעהן וויא דעם עמוד, אויף וועלכען עס איז געפאללען דער שוואכער שיין פון דער שטאַרק ארונטערגעברענטער יאָהרצייט־ליכט.

פלוצלונג איז ר' שלום־טרייטעל געבליבען שטעהן א פערגליווערטער פאר שרעק.

ניט ווייט פון עמוד, אויף דער ערד, האָט ער דערזעהן ליעגענדיג א מת. דער מת איז געלעגען אויסגעצויגען אונד איינגעוויקעלט אין א טלית, כמנהג כל המתים.

— הוא האלהים! — האָט ר' שלום־טרייטעל אויסגערופען, אלס ער איז ענדליך וויעדער צו זיך געקומען אונד האָט וויעדער אָטהעם געקריגען.

דאן האָט ער דיך נים טויט, ניט לעבעדיג, א וואָרף געטהאָן פון שול.

דאָרטען האָט ער שוין בעגעגענט עטליכע מענשען פון דיא „שמור־לבוקר'ניקעס", אונד ער האָט זייא מיט ציטערן דערציילט, וואָס ער האָט אין שול געזעהן.

אללע זיינען געבליבען שטעהן וויא שטיינערנע סטאַטועס, אונד קיינער פון זייא האָט נישט געוואָנט זיין נאָז אין שול, אריינצושטעקען.

דערווייל איז שוין אין גאנצען טאָג געוואָרען אונד דער עולם איז פון אללע זייטען אָנגעקומען צום דאווגען.

קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן. מען האָט שטאַרק דעבאַטטירט אונד מען האָט זיך אריינגעלאָזען אין לאנגע פלפולים אונד מען איז דאָך צו קיין גמר נישט געקומען.

ענדליך זיינען אללע מסכים געוואָרען דעם רב אויפצו־וועקען אונד הערען וואָס ער וועט זאָגען.

אין א פערטיל שטונדע ארום איז שוין דער רב געקומען.

— רבותי! — האָט דער רב מיט זעהר א ערנסטע מיענע ערקלערט — דאָס איז

געווים א מת, ועלכען מיר האָבען נישט נוהג כבוד געווען; מיר מוזען איהם מחילה בעטען... קומט אין שול אריין!

דער רב איז געגאַנגען פאָראויס, הינטער איהם דיא דיינים, דער חזן אונד דער שמש אונד הינטער זייא דיא איבריגע, בייא וועלכע דיא הויט האָט געציטטערט פאר שרעק.

דער העללער מאָרגענשיין איז שוין דורך דיא הויכע פענסטער אין שול אריינ־געפאללען.

דער מת איז נאָך אַלץ געלעגען אויף זיין פלאַטץ אונד האָט זיך ניט געריהרט.

— חזן האָט זיך דער רב אָפּגערופען—טהוט וויא איך האָב אייך געזאָגט!

מיט א בלייכען געזיכט האָט זיך דער חזן ארוסגערוקט פאָראויס, אונד שטאַממ־לענדיג פאר שרעק, האָט ער אָנגעהויבען:

— בשם הרב דפה, בשם כל הלומדים, היראים והמופלגים ובשם כל הקהל, בעטען מיר דיך, דוא זאָללסט אונז מוחל זיין, אויב מיר האָבען דיך בייא דיין קבורה נישט נוהג־כבוד געווען, אונד דוא זאָללסט זיך וויעדערקעהרען אין דיין רוה אריין!

דער מת האָט זיך נישט גערירהט אונד בייא אללעמען האָבען אָנגעהויבען אָפּצושטאַרבען דיא גליעדער פאַר שרעק.

דער איינציגער, וואָס האָט נאָך אין זיין אויטאָריטעט געגלויבט, איז געווען דער אַלטער רב.

ער האָט זיך אַרויסגערוקט פאָראויס אונד האָט אויסגערופען:

— איך בין אויף דיר גוזר בגזרת התורה הקדושה ובגזרת הלומדים וכל צורבא מרבנן, תיכף ומיד אונזער מקום־קדוש צו פערלאָזען אונד וויעדערצוקעהרען אין דיין מקום מנוחה!... שוב לעפרך בני!... שוב לעפרך!

דער מת האָט זיך וויעדער נישט גערִיהרט. דער שרעק האָט אללעמען פּאַראַ־ליזירט.

אין דער צייט פון א האלב שעה, איז דיא גאַנצע עדה, אפילו ווייבער אונד קינדער געווען אין שול אונד ארום שול.

קיינער האָט ניט געוואוסט, וואָס צו טהאָן.

פּלוצלונג האָט זיך מאיר'קע דער דאַמסקער שניידער דורך דעם געדִיכטען הויפען מענשען דורכגעקוועטשט, אונד צונעהענדיג גאַנץ נאָהענט צום מת, האָט ער אויסגערופען:

— וואָס איז דאָס פאַר א מת א חצוף? לאָמיר נאָר זעהן, ווער דער „בחור" איז?

ער האָט זיך איינגעבוינען, האָט אָנגענומען דעם טלית פאר א ברעג אונד האָט איהם אָנגעהויבען צו ציעהען.

דער מת האָט זיך אָנגעהויבען צו ריהרען, אונד אלס ער האָט זיך ענדליך פון טלית ארויסגעוויקעלט, האָט מען דערזעהן: — — —

וואָס?..... דעם קהל׳שען באָק בכבודו ובעצמו!

דיא אלטע װענד פון דער שול האָבען געציטטערט פון דעם גרויסען געלעכטער וואס האָט פלוצלונג פון אללע מיילער ארויסגעפּלאַטצט. דער איינציגער, וואָס האָט נים געלאַכט, איז געװעזען דער „מת“.

עס איז יעצט אללעמען קלאָר געוואָרען, דאָס דער קהל׳שער באָק, האָט זיך געווים, נאָך מעריב, ווען ר׳ שלום־טרייטעל דער שמש איז אלליין אין שול געווען, ארייגנע׳גנב׳עט איגעוויינינ אונד ר׳ שלום־טרייטעל, איהם ניט זעהענדיג, האָט איהם איינגעשלאָססען. וויא אזוי דער באָק האָט זיך אזוי „קונציג“ אין דעם טלית פער־וויקעלט, איז געבליבען א סוד לעולם ועד.

---

# ב

# דער שד.

עס איז אמאָל אין דייטלאַנד דיא זיטטע געוועזען, דאָס ווען איינער האָט גע־ענדיגט א סטודיום, האָט ער זיך נייסט געחאַפּט באלד זיין פאַך צו פּראַקטיצירען, וויא דאָס געהט היינט צו, נאָר ער פלעגט נאָך א פּאָר יאָהר מאַכען רייזען איבער איירָאָפּא, פלעגט בעזוכען דיא בעריהמטע אקאדעמיעס אונד פּראָפעססאָרען, אום מעהר וויססענשאַפט אונד קענטעניס צו זאממלען.

מיט הונדערט יאָהר צוריק זיינען צוויא יונגע אונד רייכע מעניטען, וואס האָבען זייער סטודיום מיט דעם טיטעל: „דאָקטאָר פהילאָזאָפהיע“ געענדיגט, פון בערלין ארויסגעפאָהרען, אונד האָבען זייער וועג נאָך דעם שעהנעם איטאַליען גענומען.

אנקומענדיג אין פלאָרענץ, איינע פון דיא שעהנסטע אונד גרעסטע שטעדט אין איטאַליען, זיינען זייא אריינגעפאָהרען אין א דייטשען האָטעל, אונד גלייך וויא זייא האָבען זיך עטוואָס אויסגערוהט, זיינען זייא געגאַנגען דיא מערקווירדיג שעהנע שטאָדט צו בעזעהען.

וויא גרוים איז אָבער זייער איבעררא́שונג געוועזען, אלס זייא זיינען געקומע

צו א לאַנגע אונד א פיינע נאַסס, מיט דיא פרעכטיגע הייזער, וואָס איז פאַרצאַמט געוועזען מיט א ראַנאַטקע (שלאַנג־בוים) אונד אויף א טאָוועל, וואָס איז דערבייא אַנגעשלאָגען געוועזען, איז געשטאַנען פאָלגענדער אויפשריפט:

פון דער רעגירונג איז פערבאָטען אין דער נאַסס צו וואויהנען אָדער אריינצר קומען, ווייל אין דיא הייזער געהען ארום ש ד י ם.

— וואָס זאָגסטו דערצו הערמאַן? — האָט דער אינגערער דעם עלטערן לאַ־בענדיג געפרעגט.

— וואָס זאָלל איך זאָגען? — האָט דער עלטערער צוריק געפרעגט — ווייסטו דען ניט, אז כמעט אללע איטאַליענער זיינען פאַנאַטיקער אונד גלויבען אין אללערלייא דומהייטען?

— אָבער דיא רעגירונג דאַרף דאָך שוין א ביססעל אויפגעקלערטער זיין!

— הם!... דיא רעגירונג!... אָפטמאָל איז זיא נאַרישער פון דעם איינפאַכ־סטען מענשען!

— אָבער מיר גלויבען דאָך אין שדים ניִשט!

— געוויס ניט! וואָס קיממערט דאָס אונז, ווען דיא נאַרישע איטאַליענער גלר בען יאָ!

— דאָס דאַרף אונז יא קיממערן! אלס געבילדעטע מענשען, איז אונזער פפליכט דיא נאַרישע איטאַליענער דיא אויגען אויפצועפענען!

— וויא אזויא ווילסטו דאָס מאַכען, רודאָלף?

— גאַנץ איינפאַך! — האָט רודאָלף דער אינגערער געענטפערט — איינער פון אונז וועט אין איינע פון דיא הייזער איבערנעכטיגען, דאַן וועלין זיך דיא איטאַליענער איבערצייגען, דאָס דאָ וואויהנען קיינע שדים נישט!

— דאָס איז א פּלאַן! — האָט הערמאַן אויסגערופען — אָבער ווער פון אונזביידען וועט דאָס טהאָן?

— מיר וועלין וואַרפען גורל, אונד אויף וועמען דער גורל וועט פאַללען, דער וועט געהן נעכטיגען אין איינע פון דיא פעררופענע הייזער!

— גוט! מיר וועלין וואַרפען גורל!

זייא האָבען זיך אומגעקעהרט צוריק אין דעם האָטעל, אונד נאָכדעם וויא דער ווירטה פון האָטעל האָט זייא אויף זייער נאָכפרעגען דיא מעשה מיט דיא שדים בע־שטעטיגט, האָבען זייא דעם גורל געוואָרפען.

דער גורל איז געפאַללען אויף רודאָלפען, דעם אינגערען.

— איך בין צופריעדען! — האָט רודאָלף אויסגערופען — איך וועל אין איינע פון

יענע פערזאָנען חיזער דיא ערסטע נאַכט איבערנעכטיגען, דוא, הערמאַן, דיא צווייטע, אונד דאַן וועלן זיך דיא אבערגלויבישע איטאַליענער איבערצייגען, וואָ פאַר אָקסען זייא זיינען... אָבער עס איז זעהר - לאַנגווייליג א גאַנצע נאַכט אין א פוסטע הויז צו פערברייננגען. איך וועל מיר מיטנעהמען א פאָר אינטערעסאַנטע ביכער צום לעזען, א גוטע פלאַש וויין אונד א קעסטיל פיינע ציגאַררען!

— אונד אויך א גוט־געלאַדענעם רעוואָלווער, מיין פריינד! — האָט איהם הערר־מאַן מיט א ערנסטע מיענע צוגערופען.

— א רעוואָלווער?... צו וואָס?

— ווער ווייס? אפשר וועט דיר אויסקומען זיך צו פערטהיידיגען. איך גלויב נישט, אז אין יענע הייזער געפינען זיך שדים, אָבער עס קען זעהר מעגליך זיין, אז דאָרטען קומען צוזאַממען מיטגליעדער פון א פאָליטישע סעקטע, אָדער נאָר פאַלשע געלד מאַכער!

— ביזט געזעגנט, הערמאַן!... אַלזאָ זייא אזוי פריינדליך אונד גרייט מיר צו אלללס, וואָס איך דאַרף האָבען מיט־זיך אויף דער גאַנצער נאַכט!

אלס עס איז שוין דונקעל געוואָרען, זייגען אַללע פאָרבערייטונגען נעענדיגט געוועזען, אונדביידע פריינד, בעלאַדען מיט א קליינעם קאָרב, האָבען דעם האָטעל פערלאָזען.

קומענדיג צו דער ראָגאַטקע, האָבען זייא איינער פון דעם אַנדערען אבשיעד גענומען. הערמאַן איז צוריק אוועקגעגאַנגען אין האָטעל, אונד רודאָלף דורגעהענ־דיג דיא ראָגאַטקע, האָט אָנגעהויבען אויסצוזוכען א הויז פאַר זיין נאַכטלאַגער.

ער איז געבליבען שטעהן בייא א גרויסע אונד עלעגאַנטע הויז אין מיטטען גאַסס אונד האָט זיך ענטשלאָססען אין איהר צו נעכטיגען.

אריינקומענדיג איז הויז, האָט ער זיך איבערצייגט, דאָס דיא טהירען זיינען ניט פערשלאָססען אונד דאָס אין יעדען צימער געפינען זיך נאָך דיא מעביל וויא אמאָל, ווען דער איינענטהימער האָט דאָ נאָך געוואוינט.

ער האָט זיך אויסגעקליבען א גרויסען זאַאל מיט זעקס פענסטער צום גאַסס אונד האָט דאָרטען זיין נאַכטלעגער אויף א וויכע זאָפע איינגעריכטעט.

דעם רעוואָלווער האָט ער אוועקגעלייגט אויף א קליין טישעל, וואָס איז ניט וויים פון דער זאָפע געשטאַנען אונד האָט צווייא גרויסע ליכט אָנגעצונדען.

אונד ווייל עס איז נאָך צום שלאָפען צו פריה געוועזען, איז ער צוגעגאַנגען צו א פענסטער, האָט עס אויפגעעפענט, אונד פאַר זיך פייפענדיג א לוסטיגע ליעדעל

פון איין אַפּערעטמע, האָט ער אַ לאַנגע צייט אַרויסגעקוקט אויף דער פינסטערער אונד אונהיימליך שטיללער גאַסס.

אין אַ שטונדע אַרום, האָט ער זיך אָנגעצונדען אַ ציגאַר, אונד זיך אויסציע־הענדיג אויף דעם לאַגער, האָט ער זיך באַלד פערטיעפט אין לעזען.

דיא גאַנצע פּאַבעל מיט דיא שדים, איז איהם קיין איינציגען מאָל אין דיא געדאַנקען נישט געקומען.

ער האָט געהערט וויא דער שטאָדט־זייגער האָט געשלאָגען צעהן, דאַן עלף אונד דאַן צוועלף...

— אַה! צוועלף איז דיא גייסטער־שטונדע! — האָט ער לאַכענדיג בייא זיך געטראַכט.

קוים אָבער איז דער קלאַנג פון דעם שטאָדט־זייגער פערקלונגען, אַלס ער האָט דערהערט אַ געראַוויש הינטער דער טהיר, אונד באַלד האָט זיך דיא טהיר געעפענט.

ער האָט בייא דער טהיר אַ שרעקליכע בעשעפּעניס דערזעהן. עס האָט אויס־געזעהן וויא אַ מענש מיט אַ קאָפּ פון אַ שוויין, מיט צווייא קליינע הערנער אין שטערין אונד מיט היהנערשע פיסס. אויף דעם רוקען זיינען צווייא שוואַרצע פליגלען געוועזען.

רודאָלף האָט זיך נאָר ניט דערשראָקען אונד אוועקלייגענדיג דעם בוך, האָט ער אויסגערופען:

— איך וייס, מיין פריינד, אַז דוא ביזט נישט קיין שד. דוא ביזט אַ לעבע־דיגער מענש וויא איך. אין דיינע געהיימניססע מיש איך מיך נישט אריין. איך בין איין אויסלענדער. אַלזאָ בעט איך דיר, לאָז מיך רוהיג דאָ דיא נאַכט איבערנעכטיגען אונד געה זיך דיר געזונדערהייד!

דיא משונה׳דיגע געשטאַלט האָט געמאַכט אַ פּאָר טריט נעהענטער צו איהם.

— איך בעט דיך, גיה צוריק! — האָט רודאָלף ווידער אויסגערופען — ווערסטו מאַכען נאָך אַ טריטט, וועל איך שיססען!

דער שד האָט ניט געענטפערט, אונד האָט זיך אַלץ נעהענטער צו איהם גערוקט.

רודאָלף האָט געכאַפּט דעם רעוואָלווער אונד ציעלענדיג דיא געשטאַללט אין דער ברוסט, האָט ער אויסגעשאָססען.

אַלס דער רויך איז פערגאַנגען, האָט ער צו זיין שרעק דערזעהן, דאָס דיא גע־שטאַללט שטעהט לעבען איהם אונד לייגט פאַר איהם דיא קויל אויף דעם טישעל אַניעדער.

א שרעקליכער געשרייא האט זיך פון זיין ברוסט ארויסגעריססען אונד ער איז אהנמעכטיג צוריק געפאללען אויף דער זאפע.....

* * *

אלס ער האט דיא אויגען ווידער געעפענט, האט ער צו זיין גרויסער איבער־ראשונג דערזעהן, דאס ער ליעגט אין זיין צייממער אין האטעל אונד זיין פריינד הערר־מאן רייבט איהם לאבענדיג דיא שלייפען אונד דיא הענד מיט א־דע-קאלאן.

— וואו בין איך ?—האט ער ציטטערענדיג אויסגערופען.

— בייא מיר, רודאלף !... האב נאר קיין מורא נישט !--האט איהם הערמאן לאכענדיג געענטפערט.

— וויא קום איך אהער ?

— א שעהנע פראגע !... א י ך האב דיך אהער געבראכט !

— דוא ?... דוא ?...

— געוויס איך !... אבער א פהילאזאף ביזטו, אזא יאהר אויף מיינע שונאים !

— מיר זיינען אין דרערד מיט אונזער פהילאזאפיע !.... איך האב דעם שד מיט מיינע אייגענע אויגען געזעהן... איך האב איהם געשאסען, אונד ער האט מיר דיא קויל דערלאנגט !

— הא ! הא ! הא !.... דער רעוואלווער איז נאר ניט געלאדען געוועזען !.... אבער הער מיך אויס, איך וועל דאס דיר אללעס ערקלערען. אלס דער גורל איז ארויס, אז דוא זאללסט דארטען דיא ערסטע נאכט נעכטיגען, האב איך מיך ענטשלאססען דיך אויסצופריווען, וויא ווייט דוא ביזט אין דיין איבערציינונג פעסט. איך האב דעם רעוואלווער נישט געלאדען אונד קוים בין איך פון דיר אוועקגעגאנגען, בין איך געלאפען אין א מאגאזין, וואו מען פערקויפט פערשידענע מאסקען אונד האב מיר דיא יענע מאסקע, וועלכע דוא האסט געזעהן, געקויפט. איך האב מיך פערמאסקירט אונד בין צו דיר געקומען. איך האב געוואוסט, אז דוא וועסט שיססען, אבער איך האב קיין מורא נישט געהאט, ווייל דיא קוילען פון דעם רעוואלווער זיינען בייא מיר אין קעשענע געלעגען... נאכדעם וויא דוא האסט גע'חלושט, האב איך דיך אויף דיא פלייצעס גענומען אונד געבראכט אהער, אבער שווער ביזטו, ברודער, וויא א שטיק בלייא. איך האב שיער דיא נשמה אנגעווארען דיך טראגענדיג !

ביידע פריינד האבען אין יענע נאסס נאך דער רייהע דרייא נעכט גענעכטיגט, אונד אלס דיא רעגירונג האט זיך איבערציינט, דאס זייא זיינען נישט ניזוק געווארען, האט זיא דעם פערבאט פון דער נאסס אראפגענומען אונד דיא אייגענטהימער האבען אין זייערע הייזער צוריק געקעהרט.

——OOOO——

# מיספערשטענדניס.



דאקטאָר: היער זיצט עס ביי אייך דיא קראַנקהייט, ליעבער פריינד, היער!
פאציענט (לאַכענדיג): ניט ווערטה דיא מיהע, דאקטאר לומפיגע צוואַנציג טויזענד דאָללאר.

# משל ומליצה.

צדקה רעטעט פון טויט דעם מילדען, און דער טויט רעטעט פון צדקה דעם קארגען.

דער מענש איז געבוירען צום שמייסען: פאַרהער שמייסט איהם דער טאטע, נאכהער שמייסט איהם דער רבי, נאכהער שמייסט איהם דאס ווייב, נאכדעם שמייסען איהם דיא קינדער, נאכדעם שמייסט איהם דער מלאך דומה.... נאך אלעם שמייסט מען איהם אויף יענער וועלט.

פרויען־ליעבע איז גרעסער פון דער נאָהענט, מענשען־ליעבע איז גרעסער פון דער וויים.

ווען דיא ווייב איז יונג, ליעבט מען דיא קינדער צוליעב דיא ווייב, ווען דאס ווייב איז אלט, ליעבט מען דאס ווייב צוליעב דיא קינדער.

אויב דוא ווילסט זיין אַנ'אנגענעהמער גאַסט אין א פרויען־געזעלשאפט, זאָלסטו טאדלען פרעמדע פרויען. ווען אָבער דוא וועסט יענע ריהמען, וועסטו פאַ־לען צו לאסט, און זייא וועט זיין לאנגווייליג דיא צייט.... און וועלען דיר רעכנען ניט פאַר א מבין....

דער קלוגער האט זאָ פיל צו דענקען, אז ער האט קיין צייט צו ריידען. דער נאר האט זאָ פיעל צו ריידען, אז ער האט קיין צייט ניט צו דענקען.

„א מעלה“ איז פאראן וואס קיין מענש קען זיך דערמיט ניט בעריהמען. נעמליך: „בעשיידענהייט“. דען ווען ער בעריהמט זיך יא דערמיט — זאָ פעהלט איהם שוין דיא מעלה.

ווילסטו וויסען און קענען לערנען דעם ווערט פון א מענשען אָדער א זאכע, זאָלסט דוא זיך שיידען דערפון א לאנגע צייט....

דער קלוגער בעשולדיגט אין אלע הינזיכטען נור זיך, דער נאר אָבער, נור דעם צווייטען.

דיא נאָדעל איז קליין און דין, און שפּייזט דיא גאנצע הויז.

דער מאַנגעל לויערט צו פאנגען זאָגאר דעם פלייסיגען, דער אָבער קאָזם איהם אויף דער שוועל ניט הערויף טרעטען.

עס איז פיעל אנגענעהמער אָבצורוהען פון דער ארבייט, איידער ניט ארבייטען.

# דער נסתר.

איך בין אין גאנצען צוויי"א טעג צוריק אין דער היים און האב מיך שוין אזוי פערזינדיגט, אז עס „קלינגט מיט מיר דיא וועלט". דער טאטע וויל מיך שוין גאר נישט קענען. עס ארט איהם נישט מיין שטארקען הוסטען. ער פרעגט בייא מיר גאר נישט. נאך נעבטען האט ער געזאגט, אז ווען ער זאל געוואוסט „מיין שווא־צען סוף", וואלט ער מיך בעסער פאר א שוסטער געמאכט! איך האב גע־האט מיט'ן רב א ויכוח און חריפות בעוויזען, נור דאס מאכט איהם נישט אויס. ער ווייסט פון לאנג, אז „דער קאפ האט מיר נישט געדארט", נור וואס האט מען דערפון? לייטען גיזלעכטער!

דיא מאמע ווייטער בעוויינט מיך ערגער וויא א טויטען.

— וואס דוא האסט דארט געטהון — קלאגט זיא — אין פערשאלטענעם ווארשוי — איז פערפאלען, חאטש אויף — א קלאג איז צו מיר! — א גוטער שם! אבער דא, דא.... מיר אין דיא אויגען אריין!

---

און וואס איך האב אזוינס געטהון, אסור אויב איך וויים. איך האב, דער מאמען צוליעב, געדאווענט, געשוואיצען זיך, געבענשט, געשפארט זיך מיט'ן רב וועגען א רמב"ם.... אה! איך דערמאן מיך! שבת געטראגען דאס זייגער'ל און — איך בין מודה ומתודה — געקעמט זיך אום שבת!

דיא גרעסטע צרות האב איך פון זרח ברך'ס.

— אט דאס — קלאפט דער טאטע אין טיש אריין — איז א מענש! א משכיל, שרייבט אין צייטונג און ריהרט נישט קיין קוצו של יוד...... כי הוא זה, דאס הייסט א נחת! שרייבט פראשעניעס! לייענט ביכער וויא א וואסער, און א יוד כדבעי, טאקי א יוד!

— פון רב'ס זוהן — יאגט דיא מאמע בוכען טרערען — איז שוין נישט וואס צו רעדען, צו דעם דארף מען שוין זכות אבות.... אבער טאקי דער זרח, דער זרח! א מחיה פשוט.... נור מיך האט געטראפען דיא שטראף!

---

פארנאכט. — דיא טאטע־מאמע כודען זיך עפיס אויף דער פריזבע אונטער־דעם פענסטער — און עמיצער ריהרט דיא טהיר.

— מאזשנא? פרעגט א זיס קול.

און איידער איך האב צייט צו ענטפערן, שטעלט מען זיך מיר פאר:

— זצחאר באריסאוויטש שוויצבאד.

— זרח ברך'ס! זעץ איך מיר באלד איבער אויף פראָסט יודיש.

ער זעצט זיך אויך אימגעבעטען; האפט א בוך פון טיש און בלעטערט עס
חיא א בקי, פאר ווערלכען עס זיינען שוין קיין נייע ביכער נישט דאָ, און הייבט
ראפטום אויף דעם קאָפּ און גיט א פרעג:

— און וואס זאָגט איהר צו קרח'ן, הא?

איך פערשטעה נישט דיא שאלה.

— איך מיין — מאכט ער — אז דאס איז משה'לעס א שפיצעל!

אויף זיין בהמה'וואטע נעל פנים שיינט א שכל'דינע שטראהל.

— סילא דונערן און בליטצען, ווייסט מען שוין, אז עס איז עלעקטרי — נור
זעהט איהר וואס איך קען נישט פערשטעהן, דאס איז לוט'ס ווייב! גלאט פון א
מענש זאָל ווערען א שטיק זאלץ!

דיא גאנצע נאַל האט ער מיר געריהרט, נור איך האלט מיך איין מיט אלע
כחות און שוויינ.

ער לאָזט מיך אָבער נישט אָב, ער חאפט מיך אָן ביים א קנאָפּ פון ראָק
און תאלט מיך:

— עה! שמייכעלט ער, מיר מעגט איהר זאָגען...... איך בין דאָך נישט
גילאָוועקע! בייא דער נאָז פיהר איך אלע! רבינו הם ס תפילין לייג איך! געקסטע
וואך פאָהר איך נאך צו'ן א רבין... וואס הארט עס מיך?! מען האלט מיך פאר
א צדיק...... מען שרייבט בייא מיר אדרעסען, פראָשעניעס.... אָבער פאר אייך
איז קיין סוד......

— נו, זאָגט איך בעט אייך, זאָגט! — שטעלט ער זיך צו מיר צו.

דיא נאַל האט אין מיר געפלאצט:

— וואָן! האב איך א געשרייא געטהון.

* * *

בייא נאכט האט דער טאטע עמיינט, אז איך שלאָף און געזאָגט דער מאמען:

— איך האב'ן געבעטען, ער זאָל איהם אביסעל מוסר זאָגען! האט ער
איהם ארויס געווארפען.

— א קליפה! זיפצט דיא מאמע.

— היינט — מאכט ווייטער דער טאטע — האב איך איהם נישט געוואלט
מאכען א יריד, נור מארגען זאָל ער זיך פאקען!

איך האב געהערט וויא דיא מאמע האט איבערגעדרעהט דאס פנים צום
קישען און אנגעהויבען שלוכצען.

א. לעבענזאָן.

# עס האט זיך געדאכט.

(נאַכהאמונג.)

דיא איז געטליך שעהן און עהרליך געוועזען,
אוּן וויא א טייבעלע זיטליך און שטיל;
נאָר זיך בעשעפטיגט מיט שרייבען, מיט לעזען,
עפטערס פיהלאָזאָפירט מיט הערצענס־געפיהל;
דיא עדעלסטע מענער האבען געהאט פאר איהר אכט,
„דאס איז וואס זעלטענס!“ האט זיך יעדען געדאכט.

גוט און פרום נאך, איז זיא געוועזען דאצו,
בעזיפצט, בעקרעכצט א יתום, א אלמנה;
דעם סידור געקושט אלע אין דער פריה...
און קריאת־שמע געלייענט מיט גרויס כונה,
ביים פענסטער געזעסען פערקלערט.... פערטראכט,
„דאס איז א מלאך!“ האט זיך יעדען געדאכט.

א פאָר בריליאנטען איהרע שווארצע אויגען,
און דאס פנימ׳ל — ליליע מיט רויז!
ביא עדעלע עכטען געוואָרען ערצויגען,
נאיוו, איינפאך, נישט שטאָלץ און גרויס,
געשפיעגעלט זיך ווענינ.... נאך וועניגער געלאכט....
„דאס איז א היילינע!“ האט זיך יעדען געדאכט.

און אויפ׳ן קול האט יעדער איהר אָנגעהויבען רוהמען,
ביז איך טויבער.... האב דיא קולות דערהערט;
אָהן מיה, אָהן מאטער.... בין איך נאָהנט געקומען,
צו זעהן דער געטין! האבען מיר דיא געטער בעשערט;
און נאָט זייא דאנק! איך האב׳ס געשווינד בעטראכט:
דאס אלץ האט זיך יעדען, אזוי גור געדאכט!

מנחם פערל.

# איין קליין בינדעל בלומען.

## פון פערשיעדענע גערטנער געגומען, פון י. י. ווייסבערג.

---

ניט אלעס וואס נייא,
איז אונז געטרייא. —
פאר אלטע וועזען וואס מיר געפינען זעלטען,
צאהלען בעלנים אפ אלע געלדטען. —

דיא פען, דיא שווערד און דאס געלט זיינען דיא וואס פיהרען דיא וועלט.— מיט 3 מוז מען מיטלייד האבען: מיט איין עדעל־מאן וואס פאלט אריין צווישען גראבע יונגען, א רייכער צווישען קבצנים און א קלוגער צווישען נאראנים. — אויף 3 איז א ביטערער רחמנות: אויף א קלוגען אז ער מוז אונטערוואַרפען זיך דעם נארען, א הערליכער אונטער דעם פאדליעץ, א עדעל־מאן אונטער דעם גראבען־יונג. — פון 2 דארף מען אנטלויפען: פון דעם וואס ליעבט נאר זיך אליין, און פון דעם וואס האט פיינד אפילו זיך אליין. — 7 זיינען זיך זעלבסט שולדיג, אויב מען פערשעהמט זייא: דער וואס קומט אויף א מאהלצייט אונגעבעטען, דער וואס בעפעהלט אין א פרעמדע הויז אין דעם ווירטה'ס געגענווארט, דער וואס פערלאנגט כבוד פון א שונא, דער וואס בעט בייא א קארגען, דער וואס זעצט זיך צו־הויך, דער וואס דערצעהלט אזוי איינעם וואס וויל איהם ניט הערען און דער וואס בעפריינדעט זיך מיט א בעל־גאוה. — 3 זאכען זיינען זעהר שלעכט און זייא ווירקען שטארק אויף דעם מענשען: דיא דומהייט איז בלינד און זיא פארפיהרט דיא גרעסטע מענער, דיא פוילהייט איז שוואך און זיא בינדעט דיא הענד און פיס בייא דיא גרעסטע העלדען, און דיא האפנונג — זיא איז פאלש און אלע קוויקען זיך מיט איהר. — עס גיבט 3 סארטען נוטע־פריינד: איינינע זיין וויא שפייז, אהן וועלכע מען קען ניט אויסקומען, איינינע וויא א רפואה, וועלכע קומען צו ניטץ בייא דער שלעכטער צייט, און אנדערע וויא א קרענק, וועלכע מען דארף קיינמאהל

נים. — 3 דערקענט מען אין 3 צייטען: דעם גבור אין מלחמה, דעם חכם אין כעס. דעם פריינד אין דער נויט.

ווען יעדער בעל־הבית וואָלט ריין מאַכען אַרום זיין הויז, וואָלט מען פאַר־שפּאָרען רייניגען דיא גאַסען. ווען יעדער מענש וואָלט פערשטעהן וויא צו ערציהען זיינע קינדער, וואָלט מען פארשפּאָרען אלע שטראָף־ריכט. — דיא שטראָף־ריכט זיינען גענליכען צו שפּין־וועבס, קליינע פליגען ווערען געפאַנגען, און גרויסע מאַכען זיך גכייך ארויס פון דאָרטען. — דער וואָס שטראָפט איין אנדערן פאר אונרעכט וועלכע ער אליין טהוט עס, הייסט עס: ער שענדעט זיין איינענע סחורה. א פעהלער אויסצוזוצען קענען פיעלע, אָבער איהם אויסבעסערן קענען זעהר ווענינ. — א מענש אין וועלכען דוא געפינסט קיין פעהלער נים, גלויב איהם נים, ער איז א פאלשער: א נעמאָהלטע בלום האט קיין ריח נים, נעמאַכט פרומקייט האט קיין טעם נים. עס גיבט מענשען וואס גיבען אלעמען: זייא זאָגען אלעמען אזוי פיעל מוסר, אז פאר זיך זעלבסט בלייבט זייא גאר נים איבער.

קיינער בעננינט זיך נים מים דעם וואס ער האט, נאָר מים זיין שכל בעננינט זיך יעדערער. — א מיאוסקייט אז זיא פוצט זיך אויס, זעהט זיא אויס נאך מעהר מיאוס. — א נאר אז ער חכמה'ט זיך, זעהט ער אויס נאך נאַרישער. אביסעל נאַ־רישקייט האט אין זיך יעדער מענש, נאָר איינער קען עס בעהאלטען און א אנדרערער נים עס ארויס. — באהאלטען דאס נארישקייט הייסט א חכמה. — קיינער איז נים אזוי קלוג וויא דער פּראקטישער, און קיינער איז נים אזוי פּראקטיש וויא דער קלונער. פּראַקטיק אָהן טהעאָריע, הייסט א בלינדער וואס ווייס דיא וועג; טאעאָריע אָהן פּראקטיק, הייסט א זעהענדינער וואס ווייס דיא וועג נים — דיא ביידע קענען נים וויים פארנעהן. — דער אַפּים (ערפּאהרענהייט) איז א גוטער בעל־עצה, ער קומט אָבער צו שפּעט. ער גיבט זעהר א גוטע לעקציאָן, אבער מען צאָהלט פאר איהם זעהר טהייער. — דער קלוגער ווייס וואס ער רעדט, און דער נאר רעדט וואס ער ווייס. דיא שעהנהייט פון פרויען דאס איז זייער שכל, און דער שכל פון מענער, דאס איז זייער שעהנהייט.

ווארף נים קיין פּערל פאר א שווייז, זאָג נים קיין תורה פאר א גראָבען יונג.— זיך זעלבסט קענסטו נים בעהערשען, וויא־זשע ווילסטו בעהערשען דעם צווייטען? דאס וואס דוא פארדעקסט פון דיין פיינד, ענטדעק נים דיינעם פריינד. — דער וואס האט א ברייטע צונג, איז א סימן, אז ער האט א שמאָלע הארץ. — זייא נים

בײַ אויף יענעם וואָס האָט ניט בעהאַלטען דײַן סוד (נעהײם), נאָר אויף זיך זעלבסט וואָס דו האָסט איהם ניט געקענט בעהאַלטען בײַ זיך. — שעהן שווײַגען איז מעהר קונסט ווי א שעהן רעדען.

אײנער האָט שטאַרק נעװײנט, אַלס מען האָט זײַן פרײַנד פערמשפּט (פערורטהײלט) אונשולדיג, זאָגט ער צו איהם: „ווײן ניט מײַן פרײַנד, וואָלט דיר דען בעסער געווען ווען מען וואָלט מיך פערמשפּט'ען פאַר מײַן שולדיגקײט?"

דער וואָס טהוט א טובה אַזוי אײנעם וואָס האָט איהם אַמאָהל א טובה געטהון, הײסט ער ניט א גוטער מענש, נאָר א גוטער צאָהלער. — היט זיך פאַר אַזוי אײנעם וואָס לײַדעט מיט געדולד דעם פאַלשען, דען ער איז נאָך ערגער פאַר איהם — אײנער האָט געשטראָפט זײַן פרײַנד פאַר דעם וואָס ער האָט איהם בעלײַדיגט פאַר אײן אַנדערן. „עס איז ניט אמת" — זאָגט דער בעלײַדיגער. „איך האָב עס אָבער געהערט פון א אויפריכטיגען מענשען", זאָגט דער בעלײַדיגטער. „נײן"! ענטפערט דער בעלײַדיגער, דען ווען דיעזער וואָלט זײַן אײן אויפריכטיגער פרײַנד, וואָלט ער קײן רכילות־זאָגער ניט געווען.

מענשען ערווערבען רײַכטהום, און רײַכטהום ערווערבט מענשען. — רײַכטהום איז א גליק, נאָר ניט יעדער רײַכער איז גליקליך. — דער אָרעמאַן האָט ווענִיג פײַנד, נאָך װעניגער האָט דער רײַכער גוטע פרײַנד. — דער געלעהרטער בעזוכט אָפט דעם רײַכען און דער רײַכער דעם געלעהרטען ניט אײן מאָהל, ווײל דער געלעהרטער פיהלט וואָס איהם פעהלט, זוכט ער עס בײַ דעם רײַכען, און דער רײַכער פיהלט עס ניט, ווײל ער עס ניט זוכען. — פון דעם וואָס לײַהעט אויף וואָכער ביז צו דעם בעטלער איז 2 שריט, און פון דעם וואָכערניק צום רויבער, איז נאָר 1 שריט — אויף לײַדענשאַפטען (תאוות) נעהמט דער דאָלער אײן א סענט, און אויף עטוואָס וויכטיגעס, נעהמט דער סענט אײן א דאָלער. — דער קאַרגער מעהרט זיך פײַנד, און דער פערשווענדער—פרײַנד ערגערע פון פײַנד. — דער פערשווענדער בארויבט דײַנע יורשים, און דער קאַרגער—זיך זעלבסט. — קויף ניט מעהר וויפיעל דו דאַרפסט, כדי דו זאָלסט נאָכהער ניט ברויכען צו פערקויפען דאָס וואָס דו נעטהיג דאַרפסט. — דעם קאַרגען קרײַנקט שטאַרק וואָס ער קען זיך זעלבסט ניט ירשת'ענען. — דער קאַרגער האָט איבער זיך אַלײן קײן רחמנות ניט, וויא־זשע קען ער האָבען רחמנות איבער דעם צווײטען? — א קאַרגער מענש און א פעטער

באָק, זייא ביידע ברייננען נוטצען נאָר מיט זייער טויט. — צדקה איז מציל דעם מילדען פון טויט, און דער טויט איז מציל דעם קאַרגען פון צדקה.

וועה איז דעם וואס איז נעהאַסט פון אַלעמען, און וועה איז מיר פון דעם וואס איז געליעבט פון אַלעמען. — דעם פעהלער וואס איינער האט אין זיך, זעצט ער איהם נערן אויס אויף דעם צווייטען. — דער אמת קאָסט זעהר טהייער, דארום נעפינען זיך אויף איהם וועניג בעלנים. דער שקר אָבער איז גרינג וויא א פעדער, דארום טראָגט איהם יעדער. — דער אמת האט נאָר איין קלייד, דאמיט מען זאָל איהם ערקענען. דער שקר וועקסעלט דיא קליידער, כדי מען זאָל איהם ניט ער־קענען. — איין ליגענט קען ניט איינשטעהן, מען מוז איהם אונטערשפּאַרען מיט נאך ליגענט.

איין איי ווערט געבאָרען איבער נאכט, און א מענש איבער 9 מאָנאטען. דיין מויל בלאָזט אויף דעם פייער און דיין מויל פערלעשט איהם. דאס פייער וואס צינדעט־אָן דיין הויז לעהרענט דיך וויא עס צו פערלעשען. — טרעפט דיך איין אומ־גליק, לעהרענט ער דיך וויא צו פערהיטען־זיך פון איהם אויף־ווייטער. — דיא פוילהייט נעהט טרים ביי־טריט, דארום יאָגט זיך נאך איהם ניך־אָן דער דלות. — אלע זוכען דעם גליק, און וואו ער געפינט־זיך ווייסט קיינער ניט. — מען פער־שפּאָהרט צו שטראָפען דעם וואס איז א מקנא, דען יענעמס גליק בעשטראָפט איהם שוין גענוג. — איך קען מיך אָפּהיטען פון שלעכטס טהון, יענעם אָבער פון א שלעכטען איז אונמעגליך צו פערהיטען. — ביטער איז דעם וואס האט מקנאים, נאך ביטערער איז יענעם וואס האט זייא ניט. — ניט פארשעהם דיא נידעריגע שטאפּעל דורך וועלכער דוא האסט אויפגעשטיגען אין דער הויך. — זאָל דיך ניט שטאַרק פערדריסען, אז מען שענדעט דיך אומזיסט, דען פאר דעם האט מען דיך פיעל־מאהל געריהמט אומזיסט. — וואָלטען מיר ניט שטאָלץ געוועזען, זאָ וואָלט אונז ניט פערדראָסען וואס יענער שטאָלצירט. — דער פולער זאנג בייגט זיך צו דער ערד, דער ליידינער אָבער, האלט דעם קאָפּ אויפגעהויבען. — דוא קענסט ניט שטאָלצירען מיט דעם יחוס פון דיינע עלטערן, אויב דיינע קינדער קענען ניט מיט דיר שטאָלצירען. — בייזערסטו זיך אויף יענעם, שאָדעסטו זיך פריהער וויא איהם.

ווארפסטו דיין פיינד צו דער ערד, קען ער נאך אויפשטעהן, מאכסטו מיט איהם פרידען, דאן האסטו איהם איינגענומען אין גאנצען. — אז מען שלאָגט גאָלד

קרעכצם עס שטיל, אייזען אבער, שריים עס נעוואלד, ווייל נאלד שלאגט א פרעמדער, אבער דעם אייזען זיין איינענער ברודער (דער האמער). — פערטרוי זיך ניט אויף א פיינד מיט וועלבען דוא האסט פרידען נעמאכט. דען איין איבערגע־ריסענער פאדעם, וויא שטארק דוא פערקניפסט איהם, וועט ער שוין ניט צוריק ווערען וויא פריהער. — פארזיכער ניט צו פיעל וועסטו ניט פאלשען, פערזיכער זיך ניט צו פיעל, וועט מען דיר ניט פאלשען.

דער שלאף און דער פריינד זיינען ביידע גלייך, ווען עס ווערט אונז שלעכט אנטלויפען זייא ביידע פון אונז. — א משרת (דיענער) און א בעזים זיינען ביידע גלייך, זייא דיענען טרייא נור ווען זייא זיינען נייא.

דער ערשטער מאן וואלט קיין ווייב ניט גענומען, ווען נאך וואלט אויף איהם ניט אנגעווארפען א שלאף. דיא מענער זיינען שטארקער פאר דיא פרויען, דאך זיינען זייא זייערע דיענער. איז דיין פרוי עהרליך, דארפסטו זיא ניט היטען, אויב ניט העלפט דיר ניט קיין היטען. — עס גיבט נאר איינע בייזע פרוי אין דער וועלט, נור יעדער מאן רעכענט דאס זיינע איז־עס דיא איינע.

דער מענש איז צר־פרייד ניט געמאכט, דארום וויינט זיין אוינ ווען ער הערצליך לאכט. — דיא עלטער ענטוועהנט אונז ביסלעכוויים פון דעם לעבען וויא א מוטער איהר קינד פון דער ברוסט. דער לעבען איז א שרעקליכער חלום, דאך וויל זיך קיינער ניט אויפוואכען פון איהם. — שלאף איז א קליין־ברודער׳ל דעם טויט׳ס, ער נעהמט־צו ביים־אונז האלב יאהרען. — דיא נאטור שלעפערט אונז־איין אלע נאכט, כדי אונז צו־געוועהנען צום טויט. דעם מענשענס לעבען איז א קראנקהייט פון וועלכע ער שטארבט; דער טויט היילט איהם אויס פון איהר.

* * *

דיא וועלט איז א ים־הגדול, דעם מענשענס לעבען א שיף, נאט האלט דעם רודער, דעם בלאזט א גוטער ווינד, דעם א שטורם, צו איין ברעג מוזען קומען אלע!



## He did all he could.

**Herrman**—"That was a terrible punch which I received from the loafer last night."

**Ignace**—"Well, did you let it pass?"

**Herrman**—"Certainly not. I applied poultices all night."

## אַ רפואה צו אַ פּאַטש.

הערמאַן—וואָס זאָגסטו איגנאַץ וויא וויא דער לויפער האָט מיר נענעבען אזאַ פּאטש?

איגנאַץ—נו, וואָס זשע האָסט דוא נעטאהן? האָסט נעשוויענען?

הערמאַן—ניין! איך האָב ניט נעשוויענען. איך האָב א גאנצע נאַכט צונעליינט קאמפּרעסען.

# א שעהנע מעשה, נור א קורצע.

דער גרעסטער אמת איז א ליעגען,
אזוי זאָגט דער גרעסטער ליגנער — דיא וועלט.

אמאָל אין א צייט, ערגעץ גאנץ ווייט, אין דערמיט אן א זייט, צווישען בער־דיטשעוו און מצרים, ניט ווייט פון שניפּעשאָק, גאנץ נאָהענט פון ירושלים, אויף א בארג א הויכען, אין א טהאָל א טיעפען, אין א הילצערנעם פּאלאץ פון גלאָז גע־שליפען, האט געוואוינט איינער, א הויכער, א דיקער, א דאַרער, א קליינער. ער איז געווען א גוטער, א וואוילער, א שלעכטער, א בייזער, ווייל איבערן גאנצען לאנד איז ער געווען קייזער. ער איז געווען שטאַרק רייך, אבער שרעקליך אָרים. פרעגט ניט פאר וואס. יעדער וואָרים האט א דאָרים. ער איז געווען איבער פיעלע לענדער קעניג, אבער וויא פיעל ער האט געהאט, איז איהם אלץ געווען וועניג. ער האט צוגענומען אלעס ביי זיינע אונטערטהאנען: זייערע קעפעל, זייערע שיעסעל און זאָ־גאר זייערע קאנען; זייערע אָקסען, זייערע שאָף און זייערע רינדער, זייערע פעל־דער, זייערע וועלדער און זאָגאר זייערע קינדער.

וויא ער האט געהייסען, ווילט איהר אודאי וויסען, איך קען אייך זאָגען זיין נאָמען דעם זיסען. ער האט געהייסען קייסער קאצאָפּיאן און איז געווען א גרויסער גראָביאן.

אמאָל איז אונזער קייסער קאצאפּיאן געפאלען נאָר אויף א נייעם פּלאן. ער האט ניט לאנג געטראכט, האט זיך בערעכענט און בעדאכט, ער זאָל מיט אימען א קריעג פיהרען און צונעהמען אלעס, וואס ער וועט בעריהרען. ער האט פערזאַ־מעלט א גרויסע ארמעע פון אלערליי סאָלדאטען: יונגע, אלטע, רעווערענדס און אדוואָקאטען, שטערנזעהר, פילאָזאָפען און זינגער, בייטעלשניידער, גלחים, מענצער און שפּרינגער. ער האָט אויך צוגיפּגענומען פּראָוויאנט נאר אהן א שיעור: פליש,

שמרוי, זאמה, ברויט, וואסער און לאנער ביער. אזא ארמעע קען זיך אויפ׳ן ווענ פערמעהרען און וויא פיעל מען זאל נים אָנגרייטען, ועט זיא אלעס פארצעהרען.

ער איז געגאנגען מיט זיין ארמעע וואלד אויס, וואלד איין, פון איין שטאָדט ארויס, אין דיא אנדרע שטאָדט אריין, איבער בערג, טאָהלען און פעלדער, איבער וואַסערן, טייכען און וועלדער. צוויי איז ער געגאנגען פיעלע יאָהרען און איז קיין מאָל ניט מיעד געוואָרען. ער וואָלט מיט זיין ארמעע ערגעץ פערפאלען געוואָרען ווען עס וואָלט זיך איהם ניט געטראָפען א נס: א רייזע, וואס מען דארף מאכען הונדערטער יאָהרען, האט ער געמאכט אין איין מעת לעת.

ער איז צוגעקומען צו א שטאָדט מיט שטארקע מויערן, מיט פאפירענע ווענד און גלעזערנע טויערן. ער האָט אריינגעקוקט דורך דיא גלעזערנע טויערן און אריבער דיא הויכע מויערן און ערשטוינט איז ער געבליעבען שטעהן, אזא וואונדער האט ער נאך קיין מאָל ניט געזעהן, דיא שטאָדט איז געווען גרויס און זעהר רייך, ארום איהר האט זיך געגאָסען פון מילך א טייך. אין דיא ברייטע לאנגע גאסען, אויף דיא שמאָלע, קורצע שטראסען זיינען געווען אויסגעשפרייט טהייערע דעקען און אקערליי סאָרטען מוזיק האבען געשפיעלט אין אלע עקען. פון׳ם הימעל זיינען אראָפּ־געפלויגען געבראָטענע טויבען און פון דער ערד זיינען ארויסגעוואקסען מענטעל, רעק, שלייערס און הויבען. פיר יעדער שטוב איז געווען געדעקט א טיש און ארום איהם האבען שפאציערט געקאכטע פיש. געבראטענע אקסען מיט א מעסער אין רוקען זיינען געגאנגען צו יעדען זיך בוקען און בעטען, אז מען זאל אן זיי ניט פער־געסען, זיי זיינען פערטיג מיט זאלץ און שמאלץ און גוט צו עסען.

אין דיעזער שטאָדט איז געוועזען א קייסער מיט׳ן נאמען יוסטיניאן, ער איז אביסער געווען פון אן אנדער סאָרט א מאן. ער האט מיט קיינעם ניט געוואָרט קריעג פיהרען, וואס עס איז יענעמס, האט ער ניט געוואָלט אָנריהרען. וויא פיעל ער האָט געהאט, איז פאר איהם געווען גענוג. איינינע זאָגען, אז דערמיט איז ער ניט געווען קלוג. אזא סאָרט מאן איז אָבער געווען קייזער יוסטיניאן. ער איז געווען צו־פריעדען מיט זיין לאנד און קיין זאך איז ביי איהם ניט געווען קיין שאנד. ער פלעגט אליין געהן אין וואלד האלץ האקען און ברענגען זיין פרוי, זיא זאָל האָבען מיט וואָס צו קאכען און צו באקען. זיינע טעכטער פלעגען דרעהן דעם שפינראָד און זיינע זיהן פלעגען אליין הייצען דיא באָד. זיין פרוי איז אליין געשטאנען אין קיך, האט געקאָכט און געבאקען גוט און גיך. דערפאר האט דער קייסער יוסטיניאן קיין מאָל ניט געדארפט לייען אָדער באָרגען. ער האט געלעבט גליקליך און האט ניט געהאט קיין זאָרגען.

ווען דער קייסער יוסטיניאן האט דערהערט, וואס פאר א גליק גאט האט איהם בעשעערט, אז צו איהם איז געקומען דער קייסער קאצאפיאן מיט א גאנצע ארמעע פון סאלדאטען, שווינדלער און אדוואקאטען, האט ער זיך זעהר שטארק דערשראקען און איז ארויסגעלאפען פון זיין פאלאץ אין א חלאט און נור אין זאקען.

— אזא גרויסען קייסער מוז מען אויפנעהמען מיט פאראד, האט ער געזאגט צו זיינעם א דיפלאמאט.

אזוי וויא ער האט אבער ניט געהאט קיין ארמעע און קיין קאמאנדיר, קיין סאלדאט, קיין גענעראל און קיין אפיציער איז ער געגאנגען אליין נור מיט זיין סוויטע: ער, זיין דיפלאמאט און זיין פרוי איז געווען דיא דריטע. ער איז ארויס פון דער שטאדט און האט זיך פארגעשטעלט דעם קייסער קאצאפיאן, אז ער איז א גרויסער הערשער און הייסט קייסער יוסטיניאן.

קייסער קאצאפיאן האט איהם פון קאפ ביז אין דיא פיס בעטראכט און האט זיך שטארק צו לאכט.

— וויא איז דאס מעגליך א לאנד צו רעגירען אהן ביקסען און אהן סאלדאטען? וויא אזוי קען מען א מלוכה פיהרען אהן פאליטיקער און אהן אדוואקאטען?

— קום צו מיר און בעטראכט מיין טראהן, האט געענטפערט מיט א שמייכעל קייסער יוסטיניאן, איך וועל דיך זעצען אין מיין פאלאץ אויבען אן און דוא וועסט זעהן, ליעבער קאצאפיאן, אז אויך אהן סאלדאטען קען מען רוהיג לעבען, און אויך אהן אדוואקאטען קען מען דאס גליק ערשטרעבען.

ער האט איהם אריינגעפיהרט צו זיך אין פאלאץ און האט איהם געוויזען זיין גאנצען שאץ. זיין שלאס איז געווען געבויט פון האלץ און פון ציעגעל, דיא טהירען זיינען געשטאנען אפען, זיי האבען ניט געהאט קיין שלעסער און קיינע ריעגעל. ווער עס האט געוואלט איז צום קייסער געקומען און וואס עס איז איהם געפעלען, האט ער זיך גענומען. איך מוז זאגען דיא וואהרהייט אום דעם קייסער ניט צו פארשעהמען, עס איז ביי איהם ניט געווען פיעל וואס צו נעהמען.

אין דיעזע צייט זיינען געקומען צום קייסער יוסטיניאן צוויי פון זיינע אונטערטהאנען מיט שיעסעל, טעלער, לעפעל און קאנען. זיי זיינען געקומען איהם צו בעריכטען אז זיי האבען צווישען זיך א שטרייט צו שליכטען. קייסער יוסטיניאן האט זיך געזעצט אויף זיין טראהן און האט געבעטען זיין גאסט, ער זאל זיך זעצען לעבען איהם אויבען אן.

— לאָמיר הערן, וואָס דיא מענשען פאָרדערן, ווען עס איז מעגליך, וועל איך אַלעס פאר זיי אָרדערן, האט געזאָגט פריינדליך קייסער יוסטיניאן צו זיין גאסט קאַצאַפּיאַן.

— איך האָב געקויפט א הויף מיט א שטוב, האט געזאָגט דער ערשטער מאַן, אין הויף האָב איך אויסגעגראָבען א גרוב, אַזוי האט עס געפּאַסט צו מיין פּלאַן. אין גרוב האָב איך אויסגעפונען אן אוצר: דימאַנטען, בריליאַנטען און געלד און אַלע טהייערע זאַכען פון דער וועלט. איך האָב אָבער געקויפט נור דעם הויף מיט דער שטוב, אָבער ניט דעם אוצר פון דער גרוב. דער הויף און דיא שטוב גע־הערן מיר, אָבער ניט דער אוצר, דארום בין איך געקומען צו דיר, איך בין נאָר ניט אַזוי שלעכט איך זאָל צונעהמען א זאַך אויף וואָס איך האב ניט קיין רעכט. לאָז ער זיך צונעהמען דעם אוצר, דאס געלד און לאָמיך רוהיג לעבען אין מיין גע־צעלט.

— און וואָס ווילסט דוא? האט געפרעגט קייסער יוסטיניאן זיין צווייטען אונ־טערטהאַן.

— איך האָב פערקויפט דעם הויף און דיא שטוב, נעהערט איהם דער אוצר פון דער גרוב. איך קען ניט נעהמען א זאַך וואָס געהערט ניט מיר, דארום בין איך געקומען צו דיר. איך וויים אז דוא ביזט א הערשער א גערעכטער, דוא קענסט מיך אז איך בין א מענש קיין שלעכטער. זאָג, קייסער, דיין אורטהייל פון דיין טראָהן, און בעפרייע מיך פון דיעזען מאַן'ס פּרעטענזיאָן. לאָז ער זיך צונעהמען דעם אוצר אַליין, איך וויל פון איהם ניט וויסען, עס מעג זיין גרוים אָדער קליין.

לאַנג האט קייסער יוסטיניאן געטראַכט, ער האט זיך איבערלעגט און אי־בערדאַכט. ער האט זיך גוט בעקלערט און דעם קאָפּ געבּראָכען איידער ער האט זיין אורטהייל אויסגעשפּראָכען. ענדליך האט ער זיך אויפגעהויבען פון זיין טראָהן און האט געפרעגט מיט א פריינדליכען טאָן:

— האסט דוא א זוהן? האט ער געפרעגט דעם ערשטען מאַן.—האסט דוא א טאָכטער? האט ער זיך געווענדעט צו זיין צווייטען אונטערטהאַן.

— יא, געוויס! האבען געענטפערט ביידע מיט א מאל און האבען אויסגע־שריען מיט איין קול.

— דאַן איז לייכט אייער שטרייט צו שליכטען. איך וועל עס שוין גוט איינ־ריכטען. לאָז דיין זוהן זיין טאָכטער נעהמען, איהר האט זיך איינער מיט'ן אנדערן ניט וואָס צו שעהמען. אלס נדן זאָלט איהר זיי דעם אוצר געבען און לאָזען זיי ביידע פרעהליך און גליקליך לעבען.

דאָ האט זיך נים נעקענם איינהאלטען קייסער קאצאפּיאַן און האט אנגע־הויבען אזוי שטארק צו לאכען, אז דיא ווענד האבען אנגעהויבען צו ציטערן און דער פאלאץ צו קראכען. ער האט זיך אויפגעהויבען פון זיין אויבען אן און האט נעזאגט מיט א שטאלצען, הויכען טאן:

— דוא ביסט נים קיין קייסער, מיין ליעבער יוסטיניאן, דוא ביסט א קלאָץ און נים קיין מאן; דוא ביסט א בהמה, א פערד און ביסט נים ווערטה, וואס עס טראגט דיך דיא ערד.

קייסער יוסטיניאן האט זיך פיינד נעהאט צו בעליידינען, דאס מאל אבער האט ער נעוואלט זיך פערטהיידינען. ער האט זיך געווענדעט צום קייסער קא־צאפּיאן:

— וויא אזוי וואלסט דוא נע'פסק'עט, מיין ליעבער מאן? וואס וואלסט דוא נעטאהן אין דיין לאנד, ווען עס זאל פאר דיר קומען אזא משפט צו דער האנד?

— איך וואלט געוויס גאנץ אנדערש געטאהן, האט נעזאגט קאצאפּיאן מיט א שטרענגען טאן. איך וואלט זיי ביידען דעם קאפ צובראכען, איינעם וואלט איך נעקויקעט, דעם אנדערן נעשטאכען און וואלט זיי ארויסגעווארפען פאר דער טיהר און דעם אוצר וואלט איך צוגענומען—מיר. דאס איז מיין יושר, דאס איז מיין רעכט, ווייל איך בין דער הערשער און זיי זיינען דיא קנעכט.

קייסער יוסטיניאן איז נעבליעבען זיצען וויא פערשטיינערט אויף זיין ארט און האט א גאנץ לאנגע צייט נים נעקענט ארויסרעדען א וואָרט. ענדליך איז ער צו זיך נעקומען און האט אָנגעהויבען שטילערהייט צו ברומען:

— זאָג נור, מיין ליעבער מאן, דוא גרויסער הערשער קאצאפּיאָן, שיינט ביי אייך דיא זון, דיא לבנה און דיא שטערן?

— געוויס, האט נעענטפערט קאצאפּיאן נאָר נים נעטראכט, דיא זון שיינט ביי אונז ביי טאג און דיא לבנה מיט דיא שטערן בעלייכטען דיא נאכט.

— נעפינען זיך אויף אייער ערד, קיה, אָקסען, עזלען און פערד?

— וואס זיינען דאס פאר פראגען? אָדער ווילסט דוא מיר פלאגען? נא דיר א ניי מין שטראָף! געוויס זיינען דאָ בוימער אין לאנד פערד, עזלען קיה און שאָף.

— יעצט פערשטעה איך, האט נעזאגט יוסטיניאן נעראָסען, ערשט יעצט קען איך אלעס אויפפאסען, דיא זון, דיא לבנה און דיא שטערן לייכטען נים צוליעב אייך, איהר שרעקליכער טוישטענינדער; זיי שיינען און לייכטען צוליעב דיא אונ־שולדינע קיה, אָקסען, שאָף און רינדער.

**מיובגנעאט**

# ווען וועלען אלע גליקליך זיין

ווען עס וועט קיין גרויס עשירות,
און קיין גרויסער דלות זיין;
ווען אין שעהנע פרייע דירות,
וועט דער קבצן אויך אריין.
ווען דיא ארבייט וועט זיך צאָהלען
אזוי פיעל וויא מען בעדארף,
און מיט אלע מאָנאָפּאָלען
וועט מען מאכען קורץ און שארף.
ווען עס וועט ניט אָנגעהן שוחד.
און דיא גרויסע שווינדלער אויך׳עט
וועלען אין סינג־סינג אריין,
דאן וועט יעדער גליקליך זיין.

ווען דער שלום וועט רעגיערען
און מלחמה וועט זיין אויס,
קרופּ וועט מעהר ניט פאבריציערען
דיא קאנאָנען שטארק און גרויס.
ווען דיא שטאָלצע גענערעלער
וועלען זיטצען אין דער היים,
און אנשטאט צו מאכען בעלער,
בויען הייזער, קנעטען ליים.

ווען דיא גראפען און דיא פירסטען,
וועלען נעהען, פוטצען, בירסטען,
זעגען, שניידען, הובלען פיין,
דאן וועט יעדער גליקליך זיין.

ווען דער ארבייטער וועט האבען
פיעל זיין פראצע האט דיא ווערטה
שקלאפעריי וועט זיין בעגראבען,
טיעף בעגראבען אין דער ערד.
ווען דער נאר וועט ענדליך וויסען
וואס עס בריינגט איהם ווירקליך נוטץ,
און קיין וויסקי וועט זיך גיעסען,
ווען דער עולם ניט דיא וואוטס.
ווען דיא פרעססע וועט זיין עהרליך
און דעם מאן, וואס איז געפעהרליך,
וועט זיא אויסהייננען צום שיין,
דאן וועט יעדער גליקליך זיין.

ווען דיא שעהנסטע בעסטע טוחות,
וועלען האבען ברויט צו זאט,
ניט פערליערען זייערע כוחות
ביי א יעדע נוטע טהאט.
ווען אין ענגען בוידים־קאמער
וועט ניט חושך'ען טאלענט,
און דער קינסטלער וועט אין יאמער
ניט פערברייננען ביז זיין ענד;
ווען מ׳ן וועט איהם יטעצט ניט קריינקען
כדי א דענקמאל איהם צו שענקען
ווען ער וועט אין גרוב אריין,
דאן וועט יעדער גליקליך זיין.

ווען דער מענש וועט זיין צום מענשען
נום פון אָנפאַנג ביז צום סוף,
ווען מען וועט ניט נעהן זיך בענשען;
ניט ביים גלח, ניט ביים רב.
ווען דער קיזער מיט'ן פריץ
וועלען זיין וויא אויסגעמעקט,
„המוציא לחם מן הארץ",
פאַרן ארבייט'ס מאַן, רעספּעקט!
ווען עס וועט זיין דיא לויח
נאך דיא שווינדלערשע חבריה
און דיא וואהרהייט ניט א שייך
דאַן וועט יעדער גליקליך זיין.

א. מ. שארקאנסקי.

# א מהומה אום שבת־הגדול.

— פון —

ס. זייפפערט.

---

אין ר׳ אַרעלע קאַרעלינערס פּאָרצימער האַט עס געשוויבעלט און געריבעלט וויא אין א מוראַשניק. איבער א פּאָאר הונדערט חסידים פון סאַמע קאַרלין און פון דיא אַרומינע שטעדט און שטעדטליך, האָבען זיך געשטופט און געשטויסען אין דעם גרויסען פּאָרצימער און האָבען מיט גרויס אונגעדולד געוואַרט אויף דעם גליקליכען מאָמענט, ווען דער גרויסער „בעל־מופת" וועט פערלאָזען זיין „התבודדות־שטיבעל", וואו ער גיבט אוידיענצען מלאכים, מתים, שדים און יונגע עקרות, און וועט פאַר זייא ערשיינען אין זיין גאַנצע הייליגע מאַיעסטעט.

דיא ערוואַרטונג איז היינט נאָך גרעסער געוועזען איבער צוויא סיבות. ערסטענס, איז מען געוואָאר געוואָרען מאחורי הפרגוד, דאס ר׳ אַרעלע קאַרעלינער וועט לכבוד היינטיגען שבת־הגדול זאָגען א פּסח׳דיגע דרשה אין גרויסען בית־המדרש, וועלכע אפילו זיינע שונאים, דיא מתנגדים, וועלען קומען הערען, און, צווייטענס, האט זייא דעם רבי׳נס גבאי, יאַנקעל דער לאַנגער, מרמז געוועזען, דאס דער רבי זאָל מאריך ימים ושנים זיין, וויל זיך היינט „אָברעכענען" מיט דיא קאַרלינער שקצים, וואס צורייסען אַלע פרייטאג בייא נאַכט דיא עירובין פון גאַנץ קאַרלין און ברייגנען דיא אידען אין אַזאַ ביטערע לאַגע, דאס גאַנצע פיער און צוואַנציג שטונדען קענען זייא אפילו א שפּילקע נישט אַרויסטראָגען אויף דער גאַס. דיא „גזרה" מיט דיא עירובין האַט דיא קאַרלינער בעלי־בתים אַזוי געדריקט, דאס זייא האָבען זיך ענדליך ענטשלאָסען וועגען דעם בייא דעם גרויסען „בעל־מופת" זיך צו בעקלאָגען און מען האט דערצו אויסגעקליבען דיא „שעהנסטע" צוויא בעלי־בתים פון קאַרלין. נעכטין פאר נאַכט, ווען דער רבי איז געקומען פון מרחץ, וואו ער האט זיך טובל געוועזען לכבוד שבת, האט ער דורך זיין גבאי אויס־

נעהערט זייערע טענות און האט זייא דורך דעמזעלבינען גבאי נעלאָזט זאָגען: „אל תירא עבדי יעקב“.

— האט קיין פּאראיבעל נישט, ר' יעקב — האט זיך איינער פון דיא „שלוחי־מצוה“ אָבגערופען — וואס מיינט דער צדיק מיט דעם „אל תירא עבדי יעקב“?

— וואס פשוט איז פּשוט! — האט דער גבאי נעענטפערט — דער צדיק — זאָל ער בייא אונז מאריך ימים ושנים זיין! — וועט שוין מסתמא מאכען אזא מופת, אז דיא עירובין זאָלען גאנץ בלייבען. פּששש, בייא א י ה ם איז דאס א קלייניגקייט! ער קען מאכען, א שטיינער, אז ווען דיא שקצים ווילען דיא שטריק־לעך פון דיא עירובין איבעררייסען, אָדער איבערשניידען, זאָלען זייערע הענד בע־קומען א קאָרטש, אָדער זייא זאָלען נאר פערוואנדעלט ווערן אין שטיקער זאלץ וויא לוט'ס ווייב. נישט־קשה, מיר מעגען זיך אויף א י ה ם פערלאָזען.

— וויא אויף נאָט אליין! — האבען בײדע בעלי־בתים פה אחד אויסגע־רופען, דיא אויגען אויסגלאָטצענדיג צום הימעל, און זיינען נעגאנגען אָנזאָגען אין שטאָדט דיא פרייליכע בשורה.

דיא שמחה אין קארלין איז אזוי גרויס נעווען, דאס אלע בעלי־בתים האבע זיך כאיש אחד ענטשלאָסען נישט צו עסען מיטאג, ביז דער רבי וועט אָבזאָגען זיין דרשה אין גרויסען בית־המדרש און ביז מען וועט זעהן זיין „מופת“ מיט דיא עירובין.

קאָפּ אויף קאָפּ זיינען זייא געשטאנען בייא דעם צדיק אין פאָרצימער און האבען נעוואַרט מיט ליידינע מאָגענס און מיט פערשמאכטע ליפּען אויף דער רגע, ווען דיא טהיר פון דער „התבודדות־שטיבעל“ וועט זיך עפענען און דער „מלאך“ וועט ערשיינען, אום צו נעהן צו דער דרשה אין גרויסען בית־המדרש.

עס איז שוין נעוועזען א שטיק נאך האלבען טאָג און דער צדיק האט זיך נאך אלץ נים בעוויעזען. א גרויסער טהייל פון דעם עולם האט שוין נענעניצט מיט טרעהרען און דיא צווייטע העלפטע האט נעזוכט דיא לאנגוויילע און דעם הונגער מיט מעשיות פון דעם רבי'נ'ס מופתים צו היפּנאָטיזירען.

— קחא!.... קחאאא!.... חראאאק! — האט זיך פּלוצלינג נעלאָזט הערען פון דעם רבי'נס „התבודדות־שטיבעל“ און אין דער האלב־איינגעשלאָפענער מאסע פון דיא חסידים איז מיט איינמאל ארייננעפאלען א נייער שטראהל פון לעבען.

— ער נעהמט שוין !.... דער צדיק קוממ! — האט מען זיך צונערופען פון אלע זייטען.

— אהחה.... אופפפ!.... האט מען שוין גאנץ נאהענט פון דער טהיר געהערט דעם רבי'נס לאנגען געניץ.

עס איז שטיל געווארען וויא אין א קבר. יעדער איינער האט איינגעהאלטען זיין אטהעם און יעדע אויג איז צוגעשמידט געווען צו דער טהיר פון דעם „קדשי־הקדשים".

די טהיר האט זיך האסטיג געעפענט און דער צדיק האט זיך בעוויזען אויפ'ן שוועל. הינטער איהם איז געשטאנען יאנקעל דער לאנגער, זיין גבאי.

— גוט־שבת, קינדער! — האט ער די מאסע בעגריסט קורץ און ערנסט וויא תמיד — נים געזארגט. עס איז שוין רעכט געווארען. איהר וועט האבען מחיום והלאה גאנצע עירובין. ער האט זיך אפילו געברעקעלט, אבער לסוף האט ער נעמוזט נאכגעבען.

ער איז ארויס פון הויז און הינטער איהם דער גאנצער עולם פון חסידים. אלע געזיכטער זיינען געווען ערנסט און יעדער איינער האט ביי זיך געפרעגט: „ווער קען דאס זיין דער „ער""?



בינר־לבינו איז אין דעם רעכטען צענטער פון שטאדט א גרויסער מהומה אויס־געבראכען. די בייזע בשורה, אז מיט א האלבע שעה צוריק האבען די גריעשקע־שקצים, נישט קוקענדיג אויף אלע הבטחות פון דעם גרויסען „בעל־מופת", אלע עירובין פון שטאדט ד א ך צוריסען, האט ארויסגערופען א ווילדען שטורם אין אלע פיער עקען פון קארלין.

דעם רבי'נס צוזאג וועגען די עירובין, האט נאך געכטין דעם גאנצען טאג און היינט דעם גאנצען פריהמארגען געהאט די זיכערהייט פון בארזן ראטה־שילד'ס א וועקסעל עס איז קיינעם גאר אין די געדאנקען נישט געקומען, אז עס קען א נ ד ע ר ש ווערען און מען האט די עירובין שוין אין גאנצען פערגעסען. ארויבגעהענדיג אין גאס, האט מען מיט זיך גענומען יענע קליינינקייטען, וועלכע מען טאר אום שבת אהן איין עירוב נישט טראגען, וויא למשל: נאדטיבלעך, ואגנענשירעמס, גיסלעך צום קנאקען און דערגלייכען. אנדערע בעלי־הבית'טעס

האבען שוין נעוואגט בייא דיערע שכנות טשאָלענד צו רוקען, מיט דער דיכערהיים, אַז זייא וועלען דיא טעפּ און דיא פאַנען קענען איבערטראָגען צו זיך, ווען עס וועט קומען דיא צייט פון עסען.

און מיט איינמאל דיא בייזע בשורה! מיידלעך און ווייבלעך זיינען געבליבען שטעהן אין מיטען נאַס מיט זאָנגנעשירעטט אין דיא הענד און מיט פולע קעשינעס מיט ניס און האבען זיך נים געקענט ריהרען פון אָרט, אזוי וויא זייא וואָלטען צו־געוואקסען געוואָרען צו דער ערד. אויך א גרויסע צאָהל פון דיא מענער זיינען מיט איינמאָל וויא פערגליווערט געוואָרען אין מיטען נאַס, דען יעדער איינער, ווי־סענדיג, אַז דיא עירובין זיינען גאַנץ און ועלען גאַנץ בלייבען, האט בייא זיך עפּעס וואָס געהאַט, אַ מעסעריל, א פושקע מיט שמעק־טאַבאַק, א טייסטער מיט שטר־חובות, וכדומה.

דיא יונגע לייט און דיא יונגע ווייבלעך האבען דעם „טרויערינגען" פּאַקט נים אזוי טראַגיש גענומען, און שטעהענדיג אויף זייערע פּלעטצער, האבען זייא זיך איינער דעם אנדערן געשאָסען מיט ווימצלעך און מיט המציאות'לעך, דערפאר אָבער זיינען דיא עלטערע ווייבער אין גאַנצען פון דיא „כלים" ארויס. זייא האבען גע־לאַרמט, געגוואַלדעוועט און געקלאָגט וויא אויף איין אמת'ן חורבן.

— א סקאַנ איז מיר נים געשעהן — האט בייכע דיא קרעמערקע גע־יאָמערט — וואס וועלען מיר דאס היינט עסען, ווען מען קען דעם טשאָלענד אהיים נישט ברייננען.

— מיינע שונאים זאָל אזוי שווער אָנקומען דיא מיתה, וויא שווער דער שבת איז מיר אָנגעקומען — האט יאחנע־באַשע געטרויערט — געליהען, געבאָרגט, געשווארצט דעם פּנים, זיך צעהן מאָהל מכניע געווען פאר א פּרוּיק'ן דעם קצב, ימח שמו וזכרו זאָל ער ווערן, ביז איך האב בייא איהם אויסגעוויינט דאס פונטעלע פלייש, און איצט וועט דאס איבערנעזייערט ווערען אין אויוען! דער שלים־מזל האט מיך געטראָגען צו רוקען טשאָלענד בייא ריווע־צייטלען דיא בעקערקע, אָבער ווער האט זיך דאס געריכט, אַז היינטיגען שבת וועלען דיא עירובין אויך צוריסען ווערן וויא תמיד? דער צדיק, זאָל ער מאריך ימים ושנים זיין, האט דאָך געכטין געזאָגט בפירוש, אז דיא עירובין וועלען שוין גאַנץ זיין.

— נאַ! — האט זיך אָפּגערופען מיט א גרימאַסע פון פאַראַכטונג מינגע חיים דעם מהנגד'ס ווייב — דאס קומט דערפון, וואס איהר גלויבט אין אייער רביין! וואס איז ער, מישטיינס געזאָגט? א גאָט? מיט וואס [illegible] ער דאס מאַכען, אז דיא נוי'עשקע שקצים זאָלען דיא עירובין נישט צורייסען, הא?

— וואס איז דאָ מיט דיר צו ריידען, מינדעל! — האט איהר מעמע דיא חלפ׳רקע אביסעל ברגז׳לעך נעענטפערט — דיין מאן חיים איז דאָך נישט מעהר וויא א מתנגד, א פינסטערער מתנגד, און דוא ביזט נישט בעססער פון איהם.

— און אז א מתנגד איז וואס? — האט זיך מינגע אָננעצונדען — איז דען א מתנגד נאָר קיין איד נישט?

— נעווים נישט — האט איהר מעמע נעענטפערט — מיינער, זאָל נעזונד זיין, האט מיר דערצעהלט, אז ער האט אליין פון רבי׳ן נעהערט, דאס דיא מתנגדים קומען ארוים פון דיא ערב־רב.

— ערב־רב? ווער זיינען דאס דיא ערב־רב?

— דאס זיינען דיא חאמולעס, דיא פיאניצעס, דיא חזיר־פרעסער, דיא מוזשיקעס, דיא ציניינער פון דיא מצרים, וואס זיינען מיט אונזערע אבות צוזאמען ארויסנענאנגען פון מצרים און זיינען אויך נעוואָרען כלומרש׳ט אידען.

— דאס האט דיין רבי נעזאגט? מאַ נעה און זאָג איהם, אז איך האב איהם אין דרערד.

א ציטערן איז דורכנעפלויגען דורך דער מאסע ווייבער.

— שווייג, דוא מרשעת, דוא חצופה, דוא כל־בו׳ניצע, ווארום דוא וועסט קריגען פעטש וויא האָלץ! — האט יענטע דעם „חוזר׳ם" ווייב אויסנעשריען מיט א קוויטש און האט זיך וויא איין אָדלער א לאָז נעטאָהן צו דיא יוננע מתנגד׳קע.

מינגע דיא מתנגד׳קע האט זיך אָבער גאר נים דערשראָקען. זיא האט נאָר איהר האנד אויפנעהויבען און האט רוהיג אָבנעוואָרט דעם ערסטען אננריף פון איהר נעגנערין.

דער „קאזום בעללי" איז נעשטאנען פאר דיא אוינען, דיא צווייא קריענערישע פארטייען, דעם „חוזר׳ס" ווייב און מינגע דיא מתנגד־קע, זיינען שוין מוכן ומזומן נעווען זיך איינע דיא אנדערע צו אטאקירען מיט קולאקעס און מיט נענעל, כמנהג כארלין והגליל, און ווער ווייס, מיט וואס דיא מלחמה וואָלט זיך נעענדיגט, ווען דער צדיק מיט זיין גרויסע סווימע, נעהענדיג אין גרויסען בית־המדרש צו דער דרשה, וואָלט נישט אָנגעקומען אין דעם דאָזיגען אוינענבליק אויף דעם שלאכט־פעלד. ער האט פון וויטען דערהערט דעם לארם, איז נעבליבען שטעהן און זיך ווענדענדיג צו יאנקעל דעם לאנגען, זיין גבאי, האט ער איהם נעפרעגט:

— מה קול התרית ושמה? וואס איז דאָרטען פאַר א קאָך און שטורעם?

איידער יאנקעל דער לאנגער האט צייט געהאט צו ענטפערן, האבן א פאאר צעהנדליג וויבער דעם „בעל־מופת“ ארומגערינגעלט פון אלע זייטען, האבען צו איהם אויסגעשטרעקט זייערע הענד, און האבען געשריען אין פערשיעדענע טאָנען:

— איין אונגליק, רבי׳ניו!.... א גזר מן השמים!.... דיא עירובין זיינען ווידער צוריסען!

— העלפט, רבי׳ניו! ראטעוועט!

— האט רחמנות, רבי׳ניו!.... מיר קענען אונזערע משגלענדס אהיים נישט ברייננען.

— אוי, רבי׳ניו! מיר האבען זיך דאָך פארלאָזען אויף דער הבטחה... איהר האט אונז דאָך צוגעזאָגט, אז דיא עירובין וועלען גאַנץ זיין!

אזוי האט עס א מינוט צעהן לאנג ארום דעם צדיק געהוזשעט וויא אין א ביענשטאָק.

פלוצלינג האט ארעלע קארלינער זיין האנד אויפגעהויבען און האט זיינע אויגען אויסגעגלאָטצט צום הימעל.

עס איז שטיל געוואָרען וויא אויף א בית־עולם און אלע אויגען זיינען וויא צוגעשמידט געוואָרען צו דער געשטאלט פון דעם הייליגען צדיק.

צעהן מינוט לאנג איז ער געשטאנען אונבעוועגליך וויא א סטאטוע פון מארמאָר, נאָר זיין געזיכט האט געארבייט און האט געשניטען משונה׳דיגע גרימאסען. דאן האט ער זיין קאָפּ אראָפּגעלאָזען און האט מיט א שווערען זיפץ אָנגעהויבען:

— קינדער! איהר מוזט דיא גזרה מקבל באהבה זיין. איך קען אייך נישט העלפען. ווען מען האט מיר מודיע געווען, אז דיא ערלים צורייסען דיא עירובין, האב איך באלד געהאט ע ל י ת ־ נ ש מ ה. איך האב דאָרט אין הימעל געלאָזט צוזאַמענרופען דיא שרים פון אלע מלוכות פאר׳ן כסא־הכבוד און האב בייא זייא אלעמען גענומען א תקיעת־כף, אז יעדער איינער פון זייא זאָל אכטונג געבען אין זיין מדינה, אז דיא גויים זאָלען דיא עירובין נישט צורייסען. אויך אונזער ש ר האט מיר א תקיעת־כף געגעבען און איך האב איהם געגלויבט, ווארום וויא גלויבט מען דאס נים א מלאך?.... איצט האב איך ווידער געהאט עלית־נשמה און האב אויסגעפונען, אז אלע ש ר י ם האטען דעם תקיעת־כף א תיי

אונזער ש״ר. ער האט זיין תקיעת־כף געבראָכען. נו, קינדערלעך! קען מען עפּעס מאַכען מיט א ש״ר.

אלע האבען מיט גרויס טרויער זייערע קעפּ ארונטערגעלאָזען און יעדער איינער איז פּעסט ענטשלאָסען געוועזען דוא־גזרה, צו וועלכע אפילו דער „בעל־מופת" קען נישט העלפען, מקבל באהבה צו זיין, נאָר איין קול, וואס האט זיך צוגאָסען אין א קאַנען געלעכטער, האט זיך געלאָזט הערען.

דאס איז געוועזען דער קול פון מיננע די מתנגד'קע.

---

# אך, פּערשטום, דוא אלטער וועהטיג.

---

אך, פּערשטום, דוא אלטער וועהטיג,
און צררין, דוא אלטע טרעהר!
וועהסט, דיא וועלט ווערט פול מיט לעבען,
וועהסט, דער פריהלינג־קומט אהער!

וועהסט, פון הימעל גיסט זיך שטראַהלען,
און עס פלאַקערט אויף א ליכט.....
ס'וועט פון ד'ערד דאס גראַז אויפהייבען,
אויף דעם וואָרעם וואס דאָרט קריכט......

ס'וועלען בליהען אלע בלומען,
אָנגעטרונקען מיט זאפט;
ס'וועט דיא ערד פאר אלעם געבען
איהרע קאָרען, איהרע קראַפט!

י. י. [illegible]ראַפּות

---

## 1) מיר אידען האבען שוין אַלעס געהאַט.

גענעראַל פאָן ווערדער, איינער פון דיא בעריהמטע דייטשע קאָמאנדאַנטען, איז געפאָהרען פון לייפּציג נאך בערלין, און, וויא עס פּאַסט פאַר א גענעראַל, איז ער געזעסען אין א וואַגאָן פון דער ערשטער קלאַסע. עס איז אָבער דאָרט קיינער ניט געוועזען און ער האט זיך געפיהלט זעהר אומעטיג אליין. בייא א סטאַציאָן האט זיך ענדליך געעפענט דיא טהיר, און א רייך געקליידעטער העררע, מיט איין עכט אידישען געזיכט, איז אריין געקומען. ער האט זיך געזעטצט געגענאיבער דעם גענעראַל און נאכדעם וויא ער האט איהם בעגריסט, האט ער געזאגט:

„גענעראַל לעבען, איך האב אויך געהאט א זוהן אין דער ארמעע."

„דאס איז זעהר שעהן, און וואו איז ער יעטצט?"

„איך האב איהם געמאַכט פאר א קויפמאַן."

„ווארום?"

„ווייל וואס קען ווערען פון איהם?"

„וואס איז ער געווען אין דער ארמעע?"

„ער איז געווען א לייטנאַנט."

„א לייטנאַנט? דאס איז דאך א הויכעס אמט, און ווען ער וואָלט פערבליעבען, וואָלט ער געוואָרען א קאַפּיטאַן."

„וואס איז דען א קאַפּיטאַן?"

„אה," האט דער גענעראַל געזאָגט, „א קאַפּיטאַן איז זעהר פיעל, און ער האט אויך געקענט ווערען א מאַיאָר."

„וואס איז דען א מאַיאָר?"

„ער האט מיט דער צייט פיעללייכט געקענט ווערען לייטנאַנט־קאָלאָנעל."

„און וואס איז לייטנאַנט־קאָלאָנעל?"

„זעהר פיעל, מיין הערר, אין א קריעגס־צייט האט ער איך געקענט ווערען א קאָלאָנעל.“

„און וואס איז מיר א קאָלאָנעל?“

„וואס!“ האט דער גענעראל אויסגעשריען אויפגערעגט, „א קאָלאָנעל איז קאָמאנדאנט פון א רעגימענט, און, ווען ער איז א בראוועד מאַן, קען ער אויך ווערען א בריגאדיער־גענעראל.“

„און וואס איז מיר א בריגאדיער־גענעראל?“

„ער קען דאן אוואנסירען און ווערען גענעראל!“

„און וואס איז מיר גענעראל?“

„דאָנערוועטער יוד!“ האט פאָן ווערדער אויסגערופען אויפשפרינגענדיג. „א גענעראל! וואס איז מיר א גענעראל פרעגט איהר? קוקט אהער, יוד, איך פערשטעה, אז איהר זייט א רייכער מאן; איך האב 35 יאָהר געארבייט שווער און ביטער ביז איך בין געוואָרען גענעראל, אָבער איך פערבייט נים דיא עהרע פון זיין א גענעראל, אויף אלע אייערע מיליאָנען!“

„און וואס איז מיר א גענעראל?“ האט דער איד וויטער געפרעגט אזוי גלייכגילטיג וויא פריהער.

„צום טייפעל, יוד, וואס דען ווילט איהר. ער זאל ווערען א גאָט?“

„און וואס איז מיר א גאָט?“

„פעררוקטער יוד! א גאָט? א גאָט איז אויך בייא אייך גאר נים?“

„ניין, הערר גענעראל, א גאָט איז בייא אונז אויך נים קיין גרויסע זאך; מיר האבען אמאל שוין געהאט א אידעל וואס איז געוואָרען א גאָט, און ער האט בייא אונז נים פיעל אויסגענומען.“

גענעראל פאָן ווערדער האט פערשטאַנען דעם וויטץ און דריקענדיג דעם אידען דיא האנד, האט ער געזאגט: „בראַוואָ! בראַוואָ!“

## 2) אַ וויכטיגער דועל.

נאכדעם וויא דיא אמעריקאנער האבען בעזיעגט סאנטיאגא, האט קאָלאָנעל פוטנאם, דער קאָמאנדאנט פון איין אמעריקאנישען רעגימענט, וועלכער האט זיך אויסגעצייכענט, ערהאלטען א בריעף פון כאיער קאנאלא, א שפּאניער, וואו דער לעטצטער האט איהם פאָלגענדעס געשריעבען:

„קאָלאָנעל, איך האב געהערט, אז איהר האט געזאגט, דאס איך בין א מענש אהן מוטה און פערשטעה נים קיין קריעגס־טאקטיק, וועהרענד איך האב

נעפיהרט מיינע סאָלדאטען נענען אייערע אויף'ן בארג פון על־קאַני. פאר דיזער בעליידיגונג, קען איך אייך ניט פערצייהען. איך פאָרדער אייך אויף דערפאַר, איהר זאָלט מיט מיר ארויס געהען אויף א דועל מיט רעוואָלווערס, דאמיט יעדער זאָל זיך איבערצייגען ווער עס האט מעהר מוטה."

קאָלאָנעל פוטנאם האט געלאָזען רופען דעם מאַיאָר אין זיין לאגער, און, אין דער נעגענוואַרט פון מעהרערע אָפיצירען, האט ער צו איהם אזוי געזאגט:

„מאַיאָר, זעהט איהר אויף וואס איך זיטץ?"

„יא," האט געענטפערט דער שפאַניער וועהרענד פוטנאם האט זיך רוהיג געריכערט זיין לולקע. „איהר זיטצט אויף א פעסעל."

„און וואס שטעהט נעבען מיר?"

„נאך א פעסעל."

„ריכטיג." ביידע פעסלעך זיינען פול געפאַקט מיט דינאמיט. איהר האט מיך אויפגעפאָדערט אויף א דועל מיט רעוואָלווערס. אבער דער אמת איז, איך קען ניט שיסען; דאס פערשטעהען מיינע סאָלדאטען, וויא איהר האט זיך איבערציינט. איך קען בלויז קאָמאַנדירען. נאָר אזוי וויא דאָ האנדעלט זיך אום מוטה, וועלען מיר אָנצינדען דיא צוויא קנוילען וואס שטעקען ארויס פון דיא צוויא פעסלעך, און איהר וועט זיך זעטצען אויף דעם אנדערן פעסעל. ווער עס וועט בלייבען לענגער זיטצען, וועלען מיר וויסען, אז דיזער האט מעהר מוטה."

דער שפאַניער איז בלאַס געוואָרען, אָבער ער האט איינגעשטימט. דיא קנויטען זיינען אָנגעצונדען געוואָרען און דיא איבריגע אָפיציערען זיינען ארויס פון דעם קאָמאַנדעל'ס ליינוואַנד־שטיבעל, כדי זייא זאָלען ניט צערשמעטערט ווערען פון דער עקספּלאָזיאָן. דיא קנויטען האבען ארונטער געברענט גאַנץ ניעדריג, און וועהרענד פוטנאם האט זיך גאַנץ געמיטהליך געריכערט זיין לולקע, איז דער שפאַניער אויפגעשפרונגען און אויסגעשריען:

„קאָלאָנעל! דאס איז איינפאַכער מאָרד! מיר דארפען דאס ניט טהון!"

„זיטצט, זיטצט, מאַיאָר," האט פוטנאם געענטפערט, „איהר האט ניט וואס מורא צו האבען, אין דיא פעסלעך געפינט זיך בלויז ציבעלעס."

א געלעכטער האט אויסגעשאָסען פון דיא אָפיציערען אין דרויסען, און דער שפאַניער האט באלד געמאכט א ויברח, און שוין מעהר ניט אויפגעפאָדערט קיין איינציגען אמעריקאַנער צום דועלירען.

## 3) אַ תּכוח מיט רויבערס.

איינינע רויבערס האבען איינגעבראָכען אין אַ הויז פון אַ פּראָפּעסיאָנעלען וויטצלינג. איין רויבער מיט אַ רעוואָלווער אין דער האנד, האט געזאגט צום וויטצלינג:

„ווען דוא ריהרט זיך ביסטו אַ טויטער מענש!"

„עס איז ליעגען," האט דער וויטצלינג געענטפערט. „ווען איך ריהר זיך, דאן איז אַ סימן, אַז איך בין אַ לעבעדינער מענש."

„וואו איז אייער געלד?" האט אַ צווייטער געפרעגט.

„דאס איז אַ פראַגע וואס איך קען ניט בעענטפערן."

„דאן וועלען מיר עס אליין אויפזוכען."

„שאדע דיא מיה; איך האב געזוכט היינט בייא טאָג און ניט געפונען, וויא קענט איהר עפּעס געפינען אין דער פינסטער?"

## 4) ווען מען עסט מיטאָג.

בעשטענדינער בעזוכער צו דער דיענסט: „זאג מיר נאַר, סאללי, ווען עסט מען בייא אייך מיטאג?"

דיענסט: „זאָ שנעל וויא איהר געהט אוועק."

## 5) אַ וואָרנונג.

אַ מיטעליעהרינער מאַן, מיט אַ געוואלטיגען אפּעטיט, איז געזעסען אין אַ רעסטאָראַנט בייא אַ טישעל געגענאיבער איין אנדערן מאַן, און געגעסען. וועהרענד דעם געשמאַקען עסען, האט ער צושניטען דאס מויל מיט דעם מעסער אויף וועלכען ער האט אויפגעשטעקט אַ שטיקעל פלייש.

„אום גאָטעס ווילען," האט דער צווייטער אויסגעשריען, „שניידט ניט אויף גרעסער דאס לאָך פון אייער מויל, זאָנסט וועלען מיר אלע מוזען אויסגעהען פאר הונגער."

## 6) וויא מען קלייבט אויס אַ כלה.

יונגערמאַן צו איין ערפאַהרענעם עלטערן מענשען: „זאגט מיר נאַר, איך בעט אייך, אלס ערפאַהרענער מענש, וויא זאָל איך מיר אויסקלייבען אַ כלה?"

אלטער: „האט איהר שוין אמאל געזעהען א סטארע גענז?"
יונגערמאן: „יא."
אלטער: „האט איהר שוין אמאל געזעהען אזא סטארע מיידלעך?"
יונגערמאן: „יא."
אלטער: „דאן, ווען איהר זעהט א סטארע מיידלעך, לויפט אריין וויא צווישען א סטארע גענז, און כאפט דיא ערשטע וואס איהר קענט גרייכען."
יונגערמאן: „סאי־וועלכע?"
אלטער: „יא, סאי־וועלכע; אמבעסטען איז, איהר זאלט נאך צו מאכען דיא אויגען."
יונגערמאן: דאן קען איך דאך נאך כאפען עפעס א שלאנג?"
אלטער: „און אז איהר וועט זוכען מיט אפענע אויגען וועט איהר דען גע־פינען א בעסערע? אלע זיינען גלייך, וויא דיא גענז, דערפאר איז בעסער ניט צו קלייבען".

## 7) ליעבע מיט קונצען.

פרוי: „ווייסטו מיין מאן, איך האב היינט געלעזען דאס בוך „קונסט דער ליעבע".
מאן: „צו וועלכען צוועק?"
פרוי: „כדי איך זאל פערשטעהען דיא קונסט פון ליעבען דיך."
מאן: „אה ניין, מיין פרוי, איך וואלט בעסער וועלען ליעבע אהן קונצען".

## 8) א דאקטאר א גערדאנקען־לעזער.

„איך רעכען," האט געזאגט דאקטאר עזעלקאפ צו זיין פאציענט וועהרענד ער האט איהם געהאלטען ביים דופק, „אז איהר דענקט, דאס איך בין א נאר."
„מיין הערר," האט דער פאציענט געענטפערט, „דאס איז דאס ערשטע מאל וואס איך בעמערק, אז מען זאל קענען לעזען א מענשען'ס געדאנקען דורך זיין דופק."

## 9) ער איז שוין ניט קיין גרינער.

לעטצטענס האבען דיא ניו יארקער ריכטער, וועלכע מאכען בירגער פון איינ־וואנדערער, איינגעפיהרט, אז אנשטאט דעם וואס זייא אליין וועלען אויספרעגען דיא

קאנדידאטען פיר בירגער, אויב זייא ווייסען וואס דיא אמעריקאנישע רעגיערונג בע־דייטעט, האבען זייא געשטעלט דיא געריכט־הויז דיענער צו ערפיללען דיעזע פליכט

איין דיענער, א דיקער איירישמאן, האט ערבליקט א אידעל וואס איז ער־שיענען צו ווערען א בירגער.

„האט איהר געלעזען דיא קאנסטיטוציאן פון דיא פעראייניגטע־שטאאטען?" האט דער איירישמאן געפרעגט.

„ניין," האט דער איד געענטפערט. „האט איהר דאס געלעזען?"

„ניין!" האט דער איירישמאן אויך שנעל געענטפערט.

„ער איז שוין ניט קיין גרינער," האט דער ריכטער בעמערקט לאכענדיג, „גיבט איהם בירגער־פאפירען."

## 10) אַ רעדאַקטאָר'ס בקשה.

דער רעדאקטאָר פון א קליינער ענגלישע צייטונג אין א דאָרף פון וועסט־אמעריקא, האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אנאָנסע אין זיין צייטונג:

„עס איז אמת, איך אקצעפטיר האָלץ פאר אבאָנעמענטען אויף מיין צייטונג. אָבער, איך בעט דיא הערדען אבאָנענטען, וועלכע צאָהלען מיר מיט האָלץ, זייא זאָלען ניט קומען ווידער בייא נאכט און דאס אוועק גנב'ענען. עס וועט זיין זייא לרעה, ווייל איך וועל ניט האבען מיט וואס צו הייצען און עס וועט מיר זיין צו קאלט צו שרייבען."

## 11) דעם זוהן'ס „חכמה".

פאטער צו זיין אידיאָטישען זוהן: „נעהם זעה און ציה זיך אָן וויא א מענש, היינט אבענד וועלען זיין דיא תנאים."

זוהן: „דיא תנאים?"

פאטער: „יא."

זוהן: „מיט וועמען?"

פאטער: „מיט שרה דער מילנערין'ס, א שעהן מיידעל און מיט א נוטען נדן."

זוהן: „און וואס וועט זיין?"

פאטער: „דוא וועסט חתונה האבען".

דער זוהן האט זיך שטארק צו וויינט.

פאטער: „וואס איז מיט דיר, פערריקטער, וואס ווייסטו? יעדער האט חתונה: אַט זעה, איך האב אויך חתונה געהאט מיט דיין מאמע."

זוהן: „יא, מיט מיין מאמע, וואס איז דאס פאר א חידוש? אָבער מיר נעהסטו חתונה מאכען מיט א ווילד־פרעמדער?"

## 12) דיא אויערן.

בעריל: „הערסטו שמערל, דוא דארפסט דיר לאָזען ארום שניידען דיא אויערן, זייא זיינען צו לאנג פיר א מענשען."

שמערל: „און דוא בעריל, דארפסט דיר לאָזען צו שטיקעווען צו דיינע אויערן, זייא זיינען צו קורץ פאר איין עזעל."

## 13) איך דער שוועל פון קבר.

נלח צום פעראורטהיילטען: „מיין זוהן, יעטצט רערנעהנטערט זיך דיא צייט, ווען דוא דארפסט זאגען אדיע צו דיעזער וועלט, עס איז דער העכסטער מאָמענט, דער מאָמענט פיר דיין טויט, קען איך עפּעס טהון פאר דיר?"

פעראורטהיילטער: „אָה יא, אלטער היהנער־פרעסער, קענסט זעהר פיעל טהון פאר מיר; איך וויל, אז מען זאָל דיך אויפהייננען אנשטאט מיך."

## 14) זיך אויסגעבילדעט אין אַמעריקאַ.

א ניו יאָרקער פרוי, צו וועלכער א ברודער איז נאָר וואס נעקומען אויס איראָפּא, האט געוואָלט פאָרשטעלען איהר 12־יעהריגען זוהן, און זיא האט געזאגט דיעזע ווערטער:

„מיין סעם קען שוין גוט לעזען ענגליש, רעכנען, דאווענען, און..."

„יא, יא," האט סעם איגטערגעכאפּט זיך אליין פאָרשטעלענדיג, „און איך האב שוין היינט פריה מיך געפּאיט מיט דזשייקין, איהם געמאכט א פּאאר בלויע אויגען, געשפּיעלט באָלל און אויסגעקלאפּט 2 שויבען, ארויס געוואָרפען דיא גרויע קאַטץ פון דעם דריטען פלאָר און צוגענגב'עם 5 סענט בייא דיזר אלטער שיני־ליידי פון ראָון־סטיירן."

## 15) ער מיינט דיא דיענסט.

א מאן האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אנאָנסע אין א צייטונג:

25 דאָלאר בעלאָהנונג —

„אין די לעטצטע 6 וואָכען האט איין שכן בייא מיר אוועק גענומען מיין ווייב און מיט איהר געמאַכט א ויברח. דער צווייטער שכן, האַט דאסזעלבע געטהאַן מיט מיין דיענסט. ווער עס וועט מיר־אָנצייגען דעם פּלאַטץ וואו איך קען טרעפען מיין דיענסט, קריעגט דיא געגאנטע בעלאָהנונג.“

## 16) זעהען און הערען.

א ניו יאָרקער דאָקטאָר האט אריין געשטעלט פאָלגענדע אַנאָנסע אין א ציימונג:

„א ספּעציאליסט זייט 25 יאָהר: — טויבע קענען איבער מיר הערען אין מיין וואָהנונג 105 ל. שטראסע, צווישען 2 און 4 נאָכמיטאג, און בלינדע קענען מיך זעהען צווישען 9 און 12 פאָרמיטאג.“

## 17) זיך ניט געקענט גט׳ן.

א מאַן מיט א פרוי, וועלכע האבען געלעבט 10 יאָהר צוזאמען און געהאט 3 קינדער, האבען בעשלאָסען זיך צו גט׳ן. דער מאַן האט געוואָלט 2 קינדער פאר זיך און דאסזעלבע האט אויך געוואָלט דיא פרוי. ניט קענענדיג איינשטימען, זיינען זייא אוועק צו א ריכטער, וועלכער האט ארויס געגעבען פאָלגענדען פּסק:

„וואָהנט נאך אזוי לאנג צוזאמען, ביז איהר וועט האבען נאך א קינד, און דאן וועט איהר זיך קענען איינטהיילען גלייך אויף גלייך.“

מיט א יאָהר שפּעטער האט דער ריכטער בעגעגענט דעם מאַן און איהם געפרעגט וואס עס הערט זיך.

„מיין פרוי האט געהאט לעטצטע וואָך א צווילינג,“ האט דער מאַן געענט־פערט, „און מיר וועלען אלזאָ מוזען וואָהנען ווייטער ביז דיא צאָהל פון אונזערע קינדער וועלען זיך אויסגלייכען.“

## 18) וויא אַזוי זייא קענען פּטור ווער׳ן.

פריילין העססליקאָווסקי, א זעלטענע מיאוסקייט, האט געפרעגט הערן קלונ־מאַן, וואס זיא קען טהון אום פּטור צו ווערען פון א געוויסען יונגענמאַן, וועלכער קומט איהר בעזוכען יעדען אבענד.

„הייראטהעט מיט איהם,“ האט הערר קלונמאַן געראטהען.

„איך וועל עס ניט טהון פאר מיינע זינד,“ האט פריילין העססליקאָווסקי געענטפערט.

„אָה, יאָ, פרייליך,“ האָט הערר קלונמאַן ווייטער נעזאָגט. „ווען איהר ווערט מיט איהם הייראַטהען, בין איך זיכער, אַז ער וועט דאַן פון אייך ענטלאַפען צו אַלל־דיא־שוואַרצע יאָהר, און איהר וועט איהם שוין קיינמאָל ניט נעזעהען מיט אייערע אויגען.“

## 19) מאַנכע ניטצליכע סגולות.

דאָ ווערען נעגעבען מאַנכע ניטצליכע סגולות, וואָס יעדער, וועלכער פאַסט זייא גוט אויף, מוז געוויס נעהאָלפען ווערען.

נעגען זעע־קראַנקהייט — ניט צו פאָהרען אויף׳ן ים.

נעגען שיכרות — טרינקען וואַסער.

נעגען רויבען — רויבערט ניט.

נעגען נעפאַהר — פערמיידעט אונגליק.

נעגען נעפענגנים — גנב׳עט ניט מען זאָל אייך קענען כאַפען.

נעגען אַ שלעכטע פרוי — הייראַטהעט ניט.

## 20) נאָט האָט געהערט זיין תפילה.

„רבונו־של־עולם,“ האָט יאַנקעל קבצנאָווסקי נעבעטען, „איך האָב שוין 5 מיידלעך און יעטצט שוואַנגערט ווידער מיין פרוי, דערפאַר, בעט איך דיך, ווען עס איז מיר שוין יאָ בעשערט צו האָבען נאָך אַ קינד, דאַן וויל איך ווענינסטענס האָבען אַ אינגעל, אַ קדיש.“

נאָט האָט צוגעהערט זיין תפילה און זיין ווייב האָט נעבוירען אַ דריילינג, און אַלע דרייא זיינען נעווען — מיידלעך.

## 21] אַ גוטער ענטפער.

אַ קלוגער סטאָלאַר איז אַלס איין עדות בייא אַ פראָצעס ערשיענען. צווייא מענשען האָבען זיך נעשלאָגען. דער אַדוואָקאַט פאַר דעם שלעגער, האָט אימער ליעב נעהאַט צו פערדרעהען דיא עדות מיט פערשיעדענע פראַגען, און ער האָט זיך נענומען אויספרעגען דעם סטאָלאַר.

אַדוואָקאַט: „האָט איהר נעזעהען וואָס עס האָט פּאַסירט?“

סטאָלאַר: „יאָ.“

אַדוואָקאַט: „וואָס האָט איהר נעזעהען?“

סטאָלאר: „איך האב געזעהען וויא ער האט איהם נענעבען א פּאטש מיט דער רעכטער האנד אויף דער לינקער באק."

אדוואָקאט: „און וויא ווייט זיים איהר געווען פון זייא?"

סטאָלאר: „נראדע 5 פוס מיט 4 און א האלבען צאָלל."

אדוואָקאט: „און וויא קענט איהר וויסען אזוי אקוראט?"

סטאָלאר: „איך האב גערעכענט, אז מען וועט מיך רופען פאר אין עדות, און עפּעס א דומקאָפּ וועט וועלען אקוראט וויסען וויא ווייט עס איז געווען, זא האב איך אָבגעמאָסטען דיא שטרעקע."

## 22) געטראָפען דעם מאַן.

א. „קענט איהר מיר זאגען וואו א געוויסער הערר שמידט וואָהנט?"

ב. „שמידט? עס זיינען דאָ א סך מענשען מיט דעם נאמען שמידט. איך הייס אויך שמידט. וויא איז דער פאָרנאמען פון דעם מאַן וואס איהר זוכט?"

א. „דאס ווייס איך ניט; אָבער אזוי פיעל איז מיר בעקאנט, אז ער וואָהנט אין דיעזער שטראסע, איז א שיכור, שפּיעלט אין קארטען און שלאָגט אָפט זיין ווייב."

ב. „מיר דאכט, אז דאס בין איך."

## 23) צו מאַכען איין אונטערשיעד.

דזשאָו: „זאג מיר נאָר סעם, ווארום רופט מען דיך „קליינער גנב?"

סעם: „צו מאכען איין אונטערשיעד צווישען מיין פּאפּא און מיינע עלטערע ברידער, וועלכע זיינען שוין גרויסע גנבים."

## 24] ווארום ער וויל איהם מעהר ניט בעגעגענען.

א. האט געהאט דאס אונגליק וואס זיין פרוי איז איהם געשטאָרבען. ווען זיין פריינד ב. האט איהם בעגעגענט, האט ער איהם געטרייסט און געזאגט, אז א מענש מוז אקצעפּטירען אלעס וואס דאס שיקזאל ברענגט, און עס איז מעגליך, אז דאס גרעסטע אונגליק איז פאר דעם מענשען נאר א טובה.

מיט עטליכע מאָנאט שפּעטער האט א. חתונה געהאט מיט א צווייטער פרוי, און ווען ב. האט איהם א פּאאר מאל בעגעגענט, האט ער איהם אויסגע־מיעדען. אין א טאָג האט א. ספּעציעל אויפגעזוכט זיין פריינד ב.. און איהם געפרעגט ווארום ער מיידעט איהם אויס.

„חער מיך אוים, פריינד," האט ב. נעזאגט. „ווען נאָט העלפט א מענשען, אז זיין ווייב שטארבט איידער ער האט נאך גרויע האאר, איז עס דאס גרעסטע גליק. ווען דוא האסט אָבער נאך אמאל חתונה געהאט, ביסטו ניט וויט צו זיין מיין פריינר."

## 25) כעלימער נאַראָנים.

דיא בעריהמטע שטאָדט כעלים, פון וואנען אלע נאראָנים קומען, איז אמאל בעפאלען געוואָרען פון זעהר פיעל מייז. א רייזענדער, פון איין אנדערע שטאָדט, קומענדיג נאך כעלים, האט ערבליקט דיעזע פעסט און אויסגעשריען:

„אום גאָטעס ווילען, ווארום זעהט איהר ניט עפּעס צו טהון?"

„וואס איז נייעס?" האט איהם געפרעגט דער ראש־הקהל.

„סטייטש, דיא מייז וועלען דאָך אייך אויפפרעסען?"

„ריכטיג, זייא וועלען אונז טאקי אויפפרעסען."

„ווארום טהוט איהר נים עפּעס?"

„וואס קענען מיר טהון?"

„ברענגט אהער א קאטץ!"

קורץ, דער גאסט האט זייא ערקלערט, אז א קאטץ וועט זייא בעפרייען פון דיא מייז. מען האט באלד פעררופען איין אסיפה און מען האט בעשלאָסען צו שיקען טאקי דעם אורח אליין אין איין אנדערע שטאָדט אום צו ברענגען א קאטץ. ווען דיא קאטץ איז געבראכט געוואָרען, האט זיא אָנגעפאנגען איהר ארבייט צו כאפּען מייז. אָבער דיא כעלימער, זעהענדיג, אז דיא קאטץ הרג'עט דיא מייז, און הערענדיג, אז גלגולים בעהאלטען זיך אָפט אין קליינע חיה'לעך, האבען זייא בעשלאָסען פּטור צו ווערען פון דער קאטץ. בייא א צווייטער אסיפה, איז בעשטימט געוואָרען, דער שמש זאָל ארויף געהען מיט דער קאטץ אויף'ן דאך פון בית־המדרש און פון דאָרט ארונטער ווארפען דיא קאטץ. דער שמש האט אזוי געטהאָן, נאָר דיא קאטץ איז גלייך געלאָפען, ווייטער כאפּען מייז. א דריטע אסיפה האט שוין אָבער בעשלאָסען, אזוי וויא דיא קאטץ ענטלויפט און ווארט ניט געהרג'עט צו ווערען, זאָל דער שמש זיך ארונטער ווארפען מיט איהר פון דאך, כדי זיא זאָל מעהר ניט קענען ענטלויפען. עס איז ווירקליך אזוי געווען, און דיא קאטץ איז ענטלאָפען און דער שמש איז גע־הרג'עט געוואָרען.

---

## 26) נעוואָלט אָבנאַרען דעם אַדוואָקאַט.

בערל פראָסטמאַן האט געוואָהנט זיים פיעלע יאָהרען בשכנות מיט אדוואָקאַט שווינדעלמאַן. דער לעטצטער האט געהאט הינט, קעמץ און ציעגע; בייא זיין הויז, וועלכע פלעגען פערארורזאכען א גרויסען שאדען אין פראָסטמאַן'ס איינענטהום.

אין א טאָג האט פראָסטמאַן געליטען א גרויסען שאדען דורך שווינדעלמאַן'ס הונד, וועלכער האט דערשטיקט זיינע 5 היהנער, איבערגעקעהרט א גרויסע כלי מילך, אויפגעגעסען עטליכע פונט פוטער און ארויס געטראגען א זייט קאלב־פלייש.

פראָסטמאַן איז געוואָרען שטארק אויפגערעגט און געזאגט: „יעטצט איז געקומען דיא צייט איך זאָל אָבנארען דעם אדוואָקאט."

ער איז אריין אין זיין וואָהנונג און צו איהם געזאגט:

„הערר שווינדעלמאַן, וואס קומט דעם מאַן, וועלכען'ס א חיה האט פערארזאכט א שאדען פון 30 רובעל בייא זיינעם א שכן?"

„עס קומט איהם צו בעצאָהלען," האט שווינדעלמאַן געענטפערט.

„און ווען ער וויל נים?"

„דאַן פערקלאגט מען איהם."

„און וואס קען נאכהער ווערען?"

„ער וועט בעצאָהלען דיא 30 רובעל מיט הוצאות פון דעם פראָצעס."

„דאַן הערר שווינדעלמאַן," האט פראָסטמאַן געזאגט טריומפירענד, „וועל איך אייך ערשפארען דיא הוצאות פון א פראָצעס, און בעצאָהלט מיר 30 רובעל פאר דעם שאדען וואס אייער הונד האט מיר פערארזאכט."

„פאָלקאָמען רעכט," האט דער אדוואָקאט געזאגט, און גלייך אויסגעצאָהלט דאס געלד.

פראָסטמאַן האט צוגענומען דיא 30 רובעל און געשמייכעלט מיט פערגניגען צו זיך אליין איבער זיין גוטען איינפאל. אלס ער האט אָבער געוואָלט אוועק געהען, האט איהם דער אדוואָקאט צוריק גערופען און געזאגט:

„הערר פראָסטמאַן, זייט אזוי גוט און בעצאָהלט מיר דיא סומע פון 50 רובעל פאר דעם פראָפעסיאָנעלען ראטה וואס איך האב אייך געגעבען."

פראָסטמאַן האט ארונטער געלאָזען דיא נאָז, און צוריק געבענדיג דיא 30

רובעל, האט ער נעזאגט: „איך בין אריין נעפאלען, ניט וואָהר, דיא 20 רובעל וועל איך אריין שיקען באלד וויא איך קום אהיים.“

## 27) אַ נייער מאכל.

דיענסט צום פערטראכטען פראָפעסאָר: „וואס זאל איך היינט קאָכען פאר איך מיטאג?“

פראָפעסאָר: „הא? מיטאג? ריכטיג. שעקספּיער סאָנאטען, שיללער'ס דראמען, כעמישע פערבינדונגען און א מיקראָסקאָפּ וואס מען זאָל קענען זעהען אלעס וואס נעהט פאָר אין א טראָפּען וואסער.“

דיענסט: „וואס?“

פראָפעסאָר: „דיא נאטור־נעשיכטליכע פאָרשונגען, דיא ענטשטעהונג פון דעם מענשען לויט דארווין און דיא פאַלשטענדיגע אנטראָפּאָלאָגיע.“

דיענסט: „פּעררוקט וויא אימער! ער וויים אלעס, און ווייס גאר ניט. איך וועל קאָכען וויא נעכטען א זופּ מיט פלייש און א גרינצייניג צושפּייז.“

פראָפעסאָר: „מיט איין אסטראָנאָמישער פּראָבלעמע און א טריגנאָמעטרישע אויסרעכנונג.“

דיענסט: „עס איז דאס לעטצטע מאל וואס איך קום איך פרעגען, אזעלכע מאכלים קענט איהר בעשטעלען אין דיא רעסטאראנטען, איך ווייס ניט וואו מען קריגט זייא.“

## 28) ער האט איהם געפּאָלגט.

ריכטער: „האט איהר געמאָהנט פריהער אייער חוב?“

קלענער: „געוויס.“

ריכטער: „און וואס האט ער געענטפערט.“

קלענער: „איך זאָל געהען צום טייפעל.“

ריכטער: „און וואס האט איהר געטהאָן?“

קלענער: „איך בין געקומען צו אייך.“

## 29) וואס ער האט פערגעסען.

פאטער: „וואס איך האב היינט פערגעסען צו טהון, מיין זוהן?“

אינגעל: „צווייא זאכען, פּאפּא“

**פאטער:** „וואס זיינען זייא?"

**אינגעל:** „קושען דיא דיענסט און שלאגען דיא מאמא".

## 30) בייא אונז טראָגט מען.

א גרינער, פון א קליין שטעטעל אין גאליציען, איז ארונטער געקומען נאך ניו יאָרק. אין דעם ערשטען טאָג האט ער געזעהען א גרויסע מאסע מענשען פערזאמעלט אין א גאס. ער האט זיך געווענדעט צו זיין לאנדסמאן וואס האט איהם ארונטער גענומען פון דער שיף, און געפרעגט וואס האט פאסירט.

„מען פיהרט א מענשען בעערדיגען," האט דער לאנדסמאן געענטפערט. „און דאס איז זיין לויה."

„ווירקליך, מען פיהרט איהם און ער געהט? דאס מוז איך זעהען. בייא אונז טראָגט מען."

## 31) וויא אַזוי ער איז דאָך געקומען.

**לעהרער:** „וואס איז אזוי שפעט?"

**שילער:** „אין דרויסען איז אזוי גליטשיג, אז בייא יעדען שריט וואס איך האב געמאכט, האב איך מיך געמוזט צוריק גליטשען אויף 2 שריט."

**לעהרער:** „און וויא ביסטו דאָך געקומען?"

**שילער:** „איך האב אָנגעהויבען צו געהען צוריק אהיים ביז עס האט מיך צוריק געגליטשט ביז צו דער שולע."

## 32) ג ע אָ ג ר אַ פ י ע.

**לעהרער:** „אלזאָ, דזשייק, יעטצט פערשטעהסטו?"

**דזשייק:** „געווים."

**לעהרער:** „ווען דוא שטעהסט מיט דעם געזיכט וואוהין דיא זון געהט אראפ, איז עס מזרח־זייט, און צו דיין לינקער האנד, איז צפון־זייט, און וואס איז הינטער דיר?"

**דזשייק:** „הינטער מיר זיצט סעם און שטעכט מיך מיט א שפילקע."

## 33) ווען מען איז איבערצייגט.

א. „דיין פרוי איז געשטארבען?"

ב. „יא, ליידער, שוין זייט 2 מאָנאט."

א. „ביסטו זיכער?"

ב. „נעווים."

א. „זייא ניט אזוי זיכער."

ב. „ווארום?"

א. „ווען מען האט מיר אָנגעזאגט, אז מיין ערשטע פרוי איז געשטאָרבען, האב איך געמיינט, אז איך בין זיכער פטור געוואָרען פון איהר, נאָר מיט 2 מאָנאט נאכדעם איז זיא צוריק געקומען. דערפאר, ווען זיא איז דאס צווייטע מאל געשטאָרבען, בין איך שוין ניט געווען אזוי לייכטגלויביג."

ב. „און וויא האסטו דאָך חתונה געהאט?"

א. „איך האב געזעהען מיט דיא אויגען וויא מען האט זיא אריין געלעגט אין קבר, דאן האב איך דאָרט געשטעלט 4 שומרים, און מיט 3 מאָנאט שפעטער, ווען איך האב געזעהען, אז דאָרט וואקסט שוין גראָז, האב איך מיך איבערציינגט, אז זיא איז טויט. זייא פאָרזיכטיג, מיין פריינד, ווייבער דארף מען ניט טרויען אפילו נאך'ן טויט אזוי לייכט."

## 34) 7 אורזאַכען.

א פרעהליכער און זעהר ליעבענסווירדיגער יונגערמאן, זייענדיג אויף א באלל, האט ער געטאנצט מיט א דאמע און זיך פערליעבט אין איהר איבער דיא אויערן. ער האט ניט פיעל געוואַרט און איהר אנגעטראגען זיין האנד אין הייראטה.

„מיט פערגניגען, מיין העדר," האט זיא געזאגט, „וואָלט איך אייך אקצעפטירט, אָבער איך האב 7 אורזאַכען וואָרום איך מוז אייך ענטזאגען. זעהט איהר דאָרט ביים עק טיש יענעם העדר?"

„יא, און וואס האט ער צו טהון מיט אונז?"

„ער איז מיין מאן, דאס איז איין אורזאכע, און 6 קינדערלעך אין דער היים בילדען דיא 7 אורזאַכען צוזאַמען."

## 35) איהר רעטער.

א יונגע און זעהר ראָמאנטישע דאמע, זיך באָדענדיג, איז זיא שיער דערטרונקען געוואָרען. מען האט זיא גערעטעט. ווען זיא איז צו זיך געקומען, האט זיא געשוואוירען, אז אויב דיעזער, וואס האט גערעטעט איהר לעבען, איז אונפערהייראטהעט, דאן וועט זיא מיט איהם הייראטהען.

„אונפּרההייראטהעט איז אייער רעטער,“ האט א הערר דאן געזאגט, „אָבער איז מיין געטרייעסטער הונד און איך קען איהם ניט אוועק לאָזען.“

## 36) אַ העלד.

נאך דער מלחמה בייא סאנטיאגאָ, האט איין אמעריקאנישער גענעראל דערזעהען זיינעם א סאָלדאט, א גרינער איירישמאן, וועלכען ער האט געקענט פאר א גרויסען שלים־מזל.

„זאג מיר נאר, פּעט,“ האט דער גענעראל געפרעגט, „וואס האסטו געטהאן וועהרענד דער ערשטירמונג?“

„איך בין צונעקראָכען צו א שפּאניער און אָבגעהאקט זיינעביידע פיס.“

„ווארום ניט דעם קאָפּ?“

„דאס האט שוין איין אנדערער געטהאָן, פריהער פאר מיר.“

## 37) וואס ער האט בעסער געוואָלט.

פריילין ל. האט פּערקלאגט דעם יונגען מאן נ. פאר ניט וועלען חתונה האבען מיט איהר, נאכדעם ער האט עס איהר איינמאל פערשפּראָכען. הערר נ. איז ארעטירט געוואָרען און איידער צו זיטצען אין געפענגניס, האט ער בעסער איינגעשטימט חתונה צו האבען.

דער ריכטער, וועלכער האט זייא בעדארפט פערהייראטהען, האט געשטעלט דעם יונגען מאן דיא געוועהנליכע פראגע:

„ווילט איהר הייראטהען מיט דיעזען פריילין?“

„א ברירה האב איך?“ האט הערר נ. געענטפערט. „דיא וואהרהייט איז, אז וועלען וואָלט איך בעסער געוואָלט הייראטהען מיט איהר איננער שוועסטער.“

## 38) ער האט געוואוסט דעם סוד.

לעטצטענס, ווען דער גרויסער מעדיצינישער פּראָפעסאָר דאָקטאָר מעקגראטה פון ניו יארק, איז געלעגען אויף זיין שטערבע־בעט, זיינען ערשיענען עטליכע ערצטע אום אבצוהאלטען א בעראטהונג פיעללייכט גיבט עס נאך א מעגליכקייט איהם צו רעטען.

דער שטערבענדער פּראָפעסאָר, זעהענדיג דיא ערצטע ארום זיך, האט ער אלעם מעגליכע אָנגעווענדעט און עטוואס אונטערגעהויבען זיין קאָפּ.

„מיינע העררען," האט ער זיך געבעטען, „טהוט מיר דיא לעטצטע טובה און געהט זיך אהיים. איך וויל שטארבען א נאטירליכען טויט און ניט אונטער דיא הענד פון תלינים."

## 39) וועמען ער קושט.

שמואל ראטהבערג, אהיים קומענדיג פון דער ארבייט, האט ער געטראָפען דעם בארדער האלטענדיג זיין טיידעלע, עללא, א 6־יעהריגעס קינד, אויף דיא הענד, און זיא געקושט.

„קושט ער דיך אימער, עללא?" האט שמואל בעפרעגט.

„נאָר ווען דוא ביסט דאָ, פאפא," האט עללא געענטפערט. „ווען דוא ביסט ניטאָ אין דער היים, קושט ער דיא מאמא."

## 40) דער אימער פערפאסער.

פערפאסער: „זאג נאָר, מיניע, וואס פאר א פאפיר האסטו פערברענט פון מיין שרייב־טיש?"

דיענסט: „אָה, דאס געשריעבענע; דאס ריינע האב איך ניט בעריהרט."

דער פערפאסער איז געפאלען אין אָהנמאכט.

## 41) ניט קיין גנב.

עדות: „ניין, העדר ריכטער, איך האב ניט געזאגט, אז מיין שכן איז א גנב; זאָל גאָט אבהיטען. איך האב בלויז בעהויפטעט, אז ער איז א קינסטלער אויסצוגעפינען זאכען וואס קיינער האט ניט פערלוירען.

## 42) אלעס איז בירושה.

איין 8־יעהריגער אינגעל, בעקאנט אלס א גרויסער ליגנער, איז אין א טאָג אהיים געקומען פון דער שולע און געשטעלט זיין פאטער פאָלגענדע פראגע:

„זאג נאָר, פאפא, ווען דוא ביסט געווען א אינגעל, ביסטו אויך געווען א ליגנער?"

„ניין, מיין קינד," האט דער פאטער געענטפערט, וועלכער האט שוין וואהר־שיינליך פערגעסען אן זיין יוגענד.

„האט די מאמא געזאגט ליענען ווען זיא איז געווען א קליין מיידעל?“ האט ער ווייטער געפרעגט.

„ניין, אזוי גלויב איך,“ האט דער פאטער ווידער געענטפערט. „אבער ווארום פרעגסטו דאס אלעס?“

„אין שולע האט דער לעהרער היינט געזאגט, אז די עלטערן גיבען איבער אלעס בירושה צו זייערע קינדער, היינט וויא איז דאס מעגליך, וואס איך בין אזא גרויסער ליגנער?“

## 43) אַ גליקליכער מענש.

מיין פריינד ל. איז געווען דער גליקליכסטער מענש אויף גאָט'ס ערד; וואס ער האט ארויס גערעדט פון זיין מויל, האט איהם גאָט בעשערט. איינמאל, געדענק איך, אז ער האט זיך געוואונשען חתונה צו האבען און ער האט ווירקליך חתונה געהאט. דאן, דעם לעטצטען טאָג פון זיין לעבען, האב איך מיט איהם שפּאצירט אויף דער גאס, אונד ער האט געזאגט, אז אין פאל ער וועט דארפען שטארבען, זאָל דאס זיין פּלעטצליכער טויט. וויא ער האט נאָר דיעזע ווערטער ארויס גערעדט, איז באלד אָנגעקומען א שווערער לאסט־וואָגען און איהם געטויטעט.

איז דאס נים א גליקליכער מענש?

## 44) וואונדער איבער וואונדער.

פארמער צו זיין גאסט: „מיר קאָווען ניט קיין פערד; מיר לאָזען זייא טרינקען פון אונזער ברונען וואס ענטהאלט אייזען־וואסער און פאדקאָוועס וואקסען שוין אליין אויף זייערע פיס.“

גאסט: „מיר אקערן ניט, זייען ניט, שניידען ניט, מאָלען ניט, און באקען ניט — בייא אונז וואקסט אלעס ארויס פערטיג פון דער ערד.“

פארמער'ס פרוי: „מיין טאטע האט געקענט דערצעהלען נאך גרעסערע ליגענס וויא אייערע. ער האט אמאל דערצעהלט, אז מיין מאמע האט געהאט צווייא מאל א געלעגענהייט צו ענטלויפען מיט יונגע לייט, און זיא האט עס ניט גע־וואָלט טהון.“

## 45) פּ ע ר נ ע ס ע ן.

געליעבטער: „לאָז מיך קושען דיינע שעהנע ליפּען, דוא געטטליכע סיליע!“

געליעבטע: „ניין, ניין, מאררים, מיך האט נאך קיין מאן געקושט."

געליעבטער: „אבער איך, סיללים, דיין אייביג־ליעבענדער מאררים, מה זיין דער ערשטער."

(זייא קושען זיך.)

געליעבטער: „קיין פארפום אין דער וועלט שמעקט אזוי הערליך וויא דיין לעבענס־אטהעם."

געליעבטע: „דזשעק האט אויך דאסזעלבע געזאגט."

## 46) ער בערייהעט עס.

א יונגער מאן און א מעדכען, זיך אונטערהאלטענדיג אין א אויז, ווערענד דאס מעדכען האט געפרעסט קליידער, איז ארונטער געפאלען א קלייד וואס דער יונגער מאן איז געגאנגען אויפהייבען. ווערענד דעם איז ארונטער געפאלען דאס פרעסס־אייזען אויף דעם יונגען מאן'ס קאפ און ער האט דערפון געקריעגען געהירן־ענטצינדונג, און איז שיער געשטארבען.

ווערענד דער צייט פון זיין קראנקהייט, איז זיא געוועזען ארעטירט; ווען ער איז געזונד געווארען, האט ער דערצעהלט, אז עס איז געוועזען א צופאל און זיא איז ארויס פרייא. אויס דאנקבארקייט האט זיא מיט איהם געהייראטהעט.

דער יונגער מאן בעדויערט יעטצט זעהר ווארום ער איז ניט געשטארבען פון דער געהירן־ענטצינדונג.

## 47) וועמען יעדער ליעבט.

לעהרער (צום שילער): „וועמען ליעבט איהר?"

שילער: „דזשעניע'ן".

לעהרער: „ווער איז דזשעניע?"

שילער: „אונזער דיענסט. דער פאפא ליעבט זיא; דאסזעלבע טהוט אויך מיין ברודער, מיין שוואגער און אונזער בוכהאלטער."

## 48) ווארום ער האט געלאכט.

שמואל: „חיים, וואס האסטו אזוי געלאכט נעכטען פון ברוך'ס וויטצען? זייא זיינען דאך געוועזען אהן טעם?"

חיים: „פערשטעהסטו, איך האב דערפאר געלאכט, ווייל איך האב ערווארטעט ער זאל מיר בארגען 5 דאלאר."

## 49) אַלעס וואס זיא וויל.

מאדאם נייע מאָדע: „הער אויס מאָכטער, איך האב דיר שוין אויסגע־קליעבען א חתן.“

פריילין נייע מאָדע: „דאס איז זעהר שעהן, מוטער, נאָר ווען דוא וועסט מיר דארפען מאכען דאס חתונה קלייד, וויל איך מיר אויסקלייבען דיא מאַטעריע.“

## 50) זיין אַבזיכט.

הערר לעדיג־געהער (צום דיענער:) מייקעל, זעה וועק מיך אויף מאָרגען פריה פונקט אום 6 אוהר.“

דיענער: „אום 6 אוהר? איז דאס ניט אביסעל צו פריה פאר אייך?“

הערר לעדיג־געהער: „איך וויל ניט אויפשטעהען; דוא זאָלסט מיך נאָר אויפוועקען דאמיט איך זאָל מיך אומקעהרען אויף דער אנדערער זייט און ווייטער קענען שלאָפען.“

## 51) ער מח נעטהיג געהען.

ווען דאָקטאָר שפּיעלבערג איז פארביינענאנגען פאר נאכט נעבען זיינעם א בעקאנטען, האט איהם דער לעצטער איינגעלאדען ער זאָל קומען ארום 10 א זייגער, ווייל מען וויל שפּיעלען פּאוקער און עס פעהלט א האנד שוין מיט דיא 2 אנדערע ערצטע וואס וועלען דאָרט זיין.

דאָקטאָר שפּיעלבערג (שפּעטער צו זיין פרוי:) „הער אויס, מיין טהייערע, איך מח היינטיגע נאכט אוועק געהען זעהר נעטהיג. עס שיינט, אז דער פאל איז א גאנץ אינטערעסאנטער, ווייל צווייא דאָקטויריםווארטען שוין אויף מיר.“

## 52) וואס זיא האט געוואָלט.

מיסעס לעבערוואורשט (אריין געהענדיג אין א געשעפט:) „ציינט מיר נאָר א מיטעלמעסיגעם פּרעסס־אייזען.“

פערקויפער: „מיט פערגניגען.“

נאכדעם וויא זיא האט אָבגעקליעבען אונגעפעהר 50 פערשיעדענע אייזענס און דער פערקויפער האט א־הר דערלאנגט אלע אנדערע, האט זיא ענדליך געפינען וואס זיא האט געזוכט און געפרעגט:

„וויפיעל קאָסט דאס?“

„40 סענט מאדאם; זאָל איך עס איינפּאקען?“

„אָה ניין, איך האב נאָר געוואָלט וויסען דעם פּרייז, ווייל היינט פריה האב איך געקויפט דאסזעלבע אייזען נעגענאיבער און איך האב געוואָלט זעהען אויב איך האב מיך נים אָבגענארט.“

## 53) עס איז מאַקי אַזוי געווען.

מאן: „אלע פרויען זיינען גלייך; אלע זיינען אָבגעשניטען פון איין שטיק געוואנט. ווען איך האב דיך געפּרעגט אויב דוא שטימסט איין מיט מיר צו הייראטהען, האסטו געענטפערט, אז דוא וועסט נים הייראטהען אפילו איין ערעלמאן.“

פרוי (מיט א זיפץ): „און דאס האט זיך מאקי אזוי אויסגעלאָזען.“

## 54) דיא אוּרזאַכע.

מוטע: „אזוי, דוא האסט ענדליך פערשפּראָכען טשאַלי טרינעניכטס צו ווערען זיין פרוי?“

טאכטער (צענערענד און שעהמעדיג): „יא, מוטער.“

„עס איז געווען א שעהנער און זעהר הערליכער אבענד אין מאנאט יוני, ווען דיא לבנה האט געשיינט?“

„יא, יא, מוטער, וויא אזוי ווייסטו דאס?“

„און דיא מוזיק בייא דעם האָטעל האט געשפּיעלט א מונטערן וואלצער פון שטרויס?“

„אָה, יא, מוטער; ווער האט דיר עס דערצעהלט?“

„אין דער שפּרינג־ברונען האט געשפּיעלט מיט איין פּערל־וואסער אין דיא מילדע לבנה־שטראהלען; דיא מוזיק האט זיך צונאָסען וויא א פּארפום מיט דיא זיסע מעלאָדי־ען און דיא נאטור האט אויסגעזעהען איינצושלאָפען אין שויס פון דער פאנטאזיע?“

„אָך, מוטער! וויא אזוי ווייסטו דאס אלעס?“

„איך ווייס עס, מיין קינד, אז אזוי האט עס געמוזט זיין, זאנסט וואָלסטו קיינמאל נים אזוי דום געווען אויסצושפּרעכען פון דיין מויל דאס וואָרט „יא“, ווען אזא טויגעניכטס האט דיר אנגעטראגען מיט איהם צו הייראטהען.“

### 55) ער איז שוין אוים ו'ערנער.

א. „איז נים גאָלדשטיין א קינסטליכער רעדנער?"

ב. „ער איז עס געוועזן."

א. „און יעטצט?"

ב. „האט ער פערלוירען זיין טאלענט."

א. „וואס מיינסטו?"

ב. „ביז ער האט חתונה געהאט, פלעגט ער זיין דער רעדנער און אנדערע ראס פובליקום; נאך דער חתונה, איז זיין ווייב געוואָרען דיא רעדנערין און ער איז דאס פובליקום."

### 56) א בעטלער.

אין ניו יאָרק נעהט ארום א בלינדער בעטלער, זעהר אנשטענדיג געקליידעט, און איז אימער אין דיא רייכסטע שטראסען. אויף זיין האלז טראגט ער א שילד מיט פאָלגענדע ווערטער:

„גוטע מענשען, איהר מעגט מיר געבען אפילו נאָר איין סענט; איהר האט דאך נים וואס צו שעהמען, ווייל איך זעה נים."

### 57) דיא קראנק פון קושען.

אונפערהייראטעטער: „האסטו היינט געלעזען דאָקטאָר פלאָקען'ס ארטיקעל אין דער ציימונג איבער קושען?"

פערהייראטעטער: „יא."

„און וואס דענקסטו דאריבער?"

„ער האט רעכט."

„דוא ביסט אלזא אויך פון דער מיינונג, אז קושען מיידלעך איז א קראנק?"

„געוויס."

„וואס פאר איין אונגליק קען דערבייא שטעקען?"

„דאס גרעסטע אונגליק."

„צום ביישפיעל?"

„מען מוז נאכדעם חתונה האבען."

## 58) צוויידייטיג.

פאָלגענדע ארפשריפט פון א דאָקטאָר פיר זיינער אַ פאציענטין, איז זעהר אינטערעסאַנט:

„ווען דאס קינד האט אָבגעזויגען, זאָל מען דאס אָבשרויפען (ווען?) און אוועק לעגען אויף א קיהלען פלאַטץ, עס מעג זיין נאר אין דרויסען (ווען? דאס קינד אָדער דאס פלעשעל?) ווען דאס שמעקט ניט קיין פרישע מילך, זאָל מען דאס אָבקאָכען.“ (ווען? דאס קינד אָדער דיא מילך?)

## 59) אַ געליעבטען'ס בריעף.

פרייליין צונפלאַסטער האט ערהאַלטען א בריעף פון איהר געליעבטען, וועלכען זיא האט געעפענט און אָנגעפאַנגען צו לעזען, ועהרענד אויף איהר געזיכט האבען זיך אָבגעשפּיגעלט דיא גליקליכסטע מיענעס:

„געליעבטע פון מיין הערצען, ענגעל פון דעם הימעל, געטליכע שעהנהייט! צוליעב דיר זאָל און וועט פאר מיר קיין זאך שווער זיין. דעם ים וואָלט איך אריבער געשוואומען; דיא קארפּאַטהען בערג וואָלט איך אריבער געגאַנגען; דעם נאָרד־פּאָל וואָלט איך דורכגעבראָכען, אבי דיך צו זעהען און זיין נעבען דיר, איינצואָטהמען דיין זיסען פּאַרפום־גערוך פון דיין מויל און טרינקען דיין ליעבע פון דיינע ליפּען.“

„אך!“ האט פרייליין צונפלאַסטער אויסגעשריען, „דוא זיסער, עדלער און שעהנער געליעבטער מענש!“

דאַן האט זיא געלעזען ווייטער:

„אויב עס וועט נאָר מאָרגען אבענד ניט רעגענען, וועל איך וואַהרשיינליך קומען דיך זעהען.“

## 60) זעהר דאַנקבאַר.

ער האט געהאַנדעלט מיט אַלטעס, נאָר זייט א יאָהר איז איהם געגאַנגען שלים־שלימזל און ער איז שולדיג געווען געלד דער גאַנצער וועלט. אין א טאָג האט איהם זיין טאָכטער מודיע געווען, אז אין פאַל ער קויפט איהר ניט א בריליאַנטענעם רינג, אזוי וועט זיא מאַכען א ויברח מיט זיין בוכהאַלטער.

מייקעל. ניין דערווייל האָט ער מיר נור מיין טאָכטער אריינגעשיקט.

---

חייקעל. ביי מיר איז איין שמחה, דען עס איז שוין אוועק איינינע וואָכען פון דעם טאָג וואָס איך האָב נעהייראַטעט מיט מיין געליעבטע.

מייקעל. נוא, איז וואָס ?

חייקעל. און מיר האָבען זיך נאָך ניט פיינד.

---

חייקעל. וואָס זאָגסט דוא צו מיין שניידער ? ער נייט מיר אימער מיינע רעק אָהן פאַקעטס.

מייקעל. מסתמא ווייס ער פון דעם סוד, אז דוא האָסט ניט וואָס אין זיי צו לייגען.

---

חייקעל. דוא ווייסט, מייקעל, אז איך האָב מיט מיין פרוי זעהר שלעכט געטראָפען ? דען זיא האַלט אין איין בעטען גט.

מייקעל. בייא מיר איז נאָך אַנ׳ערגערע, מיינע וויל גאָר פון א גט ניט הערען.

---

חייקעל. וויא אזוי בענוצט מען דיא 4 רעגעלען פון רעכענען ?

מייקעל. גאַנץ איינפאַך : זאָגט א ליידי וויא פיעל זיא איז אלט, מאַך א „כפל“. — א קלאָק מייקער — וויפיעל ער פערדינט, מאַך א „חיסר“, און ווען דוא טרעפסט, אז דיין פרוי מאַכט מיט דעם באָרדער א „חיבור“, זאָלסט דוא שנעל מאַכען א „חילוק“.

---

חייקעל. איז דאָס אָמת וואָס מיא זאָגט, אז דיין ברודער בעקומט יעדען טאָג זעהר פיעל ליעבע בריעף פון שיינע מיידלאַך ?

מייקעל. דאָס איז א ליגען, מיין ברודער איז דער עהרליכסטער מאַן אין דער וועלט, דיא בריעף, וואָס ער ערהאַלט יעדען טאָג זיינען בילס פאַר וואַארע, וועלכע ער וויל ניט בעצאָהלען.

---

חייקעל. דוא האָסט געהערט מייקעל ? דער קאַרנער דאָקטאָר ב... איז געפעהרליך קראַנק.

מייקעל. ער קאָן דאָך זיך אליין קורירען.

חייקעל. דאָס וועט ער ניט טהון, ווייל קיינער וועט איהם דערפאַר בעצאהלען.

---

חייקעל. זאָג מיר נאָר, מייקעל, איבער וואָס האָסט דו זיך דאָס גע'נ'נט מיט דיין ווייב?

מייקעל. איבער אַ קליינינקייט. דערפאַר וואָס איך האָב מיט איהר תתונה געהאַט.

---

חייקעל. פון וואנען נעהמט דיא וועלט צו זאָגען, אז קנעלען איז שווע־רער פון האַלץ האקען?

מייקעל. גאָר פשוט. האָלץ האקען איז וואָס מיט אַ גוי מעהרער אַלץ גרינגער, און קנעלען איז וואָס מיט אַ גוי מעהרער אַלץ שווערער.

---

חייקעל. ווען זאָגט מען דריי לינענס מיט איין מאָל?

מייקעל. ווען דו בעטסט ביי יעמאנדען באָרגען געלד און ער זאָגט דיר: יעצט (און ווען יאָ?) האָב איך ניט ביי זיך (און צו הויזע?) קיין קליי־נעלד. (און גרוים־געלד?)

---

חייקעל. איז דאָס אָמת מייקעל, אַז דו האָסט זיך געוואָטען דו זאָלסט פּירציג טעג ניט עסען און פּירציג טעג ניט שלאָפען?

מייקעל. יאָ. עס איז אָמת, נאָך מיט צעהן טעג האָב איך דיא וועטע אָננעפאנגען.

חייקעל. נוא וויא פיהלסט דו זיך?

מייקעל. זעהער גוט, איך עס מיט אַפּעטיט און שלאָף זעהער גע־שמאַק.

---

ישובניק. איך וויל וויססען, רבי, פאר וואָס זאָגט איהר, אַז איך וועל פער־ליערען דעם דין תורה?

רב. ווייל דו האָסט ניט קיין עדות.

ישובניק. איך קען אייך, רבי, ברייננען צוויי טהייערע עדות.

רב. ווער זענען זיי ?

ישובניק. אפאר ענדיקעס אויף פסח.

חייקעל. פאר וואָס איז א קרש אזוי ווי דאָס ערשטע בעשעפעניש פון גאָטט ?

מייקעל. ווייל ער ווערט געמאכט פון „גאָר נישט“ און מען ווייסט, אז עס איז גוט !

חייקעל. זאָג מיר נאר מייקעל, ווארום האָבען חתן כלה איטסטער נור ליעב צו פערברייגנען וואו עס איז פינסטער ?

מייקעל. כדי עס זאָל זיי ניט „נודיען“ קוקענדיג איינע אויף דיא אנדערע. ...

חייקעל. זעה א וואונדער וויא דיא מריינ'ס געהן מיט פארע ?

מייקעל. בהמה איינער, דאָס איז קיין נייס, ווען דיא אידען זיינען נאָך געוועזען אין מצרים, איז מען שוין געפאָהרען אין וועגען מיט פארע.

חייקעל. פון וואַנען נעהמסט זיך דאָס ?

מייקעל. עס שטעהט בפירוש אין פסוק : וישלח ענלות על פי־פרעה.

חייקעל. דוא ביזט דאָך גאָר קיין כהן, פאר וואָס זשע גארסטו אָפּ דיין ווייב און מאכסט איין פדיון הבן ?

מייקעל. נאר איינער, מיין ווייב האָט מיך אויף אָפּגענארט, עס איז ביי איהר שוין דאס דריטע קינד.

חייקעל. דוא ווייסט, אז מיין ווייב איז געשטאָרבען ?

מייקעל. (פערוואונדערט) וואָס ! דיין ווייב איז געשטאָרבען ?

חייקעל. יא, נעכטערען האָט מען איהר בעערדיגט.

מייקעל. איך האָב דאָך דיר נעכטערען געזעהן אויף אנ'אָקשען.

חייקעל. דוא ביזט א גרויסער דום סאָפּ, ווייסט דוא דען ניט, אז ביד נעם איז בעפאָר פלעזשור“.

חייקעל. פאר וואס ביזט דוא אויף מיין חתונה ניט געווען?
מייסעל. ווייסט דוא דען ניט, אז איך בין א כהן.
חייקעל. נוא איז וואס?
מייקעל. ביזט דוא משוגע? דוא האסט פערגעסען, אז א כהן טאר ניט שטעהען אויף דעם בית הקברות?

---

חייקעל. וויפיעל איז שוין, אז דיין ווייב ליגט קראנק.
מייקעל. אז זיא וועט נאך ליגען דריי וואכען וועט זיין גלייך א חודש.

---

חייקעל. ווארום בעשיט מען א חתן אונטער דער חופה?
מייקעל. אז ער איז בעגראבען זאל ער זיין בעשאטען אויך.

---

חייקעל. ווארום גייען חתן כלה געארעמט?
מייקעל. ער טאפט איהר דופק וויא לאנג זיא וועט איהם ליעבען.

---

צדקה רעטעט פון טויט דעם מילדען, און דער טויט רעטעט פון צדקה דעם קארגען.

---

דער מענש איז געבוירען צום שמייסען: פאר'העהר שמייסט איהם דער טאטע, נאכהער שמייסט איהם דער רבי, נאכהער שמייסט איהם דאס ווייב, נאכדעם שמייסען איהם דיא קינדער. נאכדעם שמייסט איהם דער מלאך דומה.... נאך אלעם שמייסט מען איהם אויף יענער וועלט.

---

פרויענליבע איז גרעסער פון דער נאהענט, מענשענליעבע איז גרעסער פון דער וויים.

---

ווען דיא ווייב איז יונג, ליעבט מען דיא קינדער צו ליעב דיא ווייב, ווען דאס ווייב איז אלט, ליעבט מען דאס ווייב צו ליעב דיא קינדער.

---

דער קלוגער בעשולדיגט אין אלע היגזיכטען נור זיך, דער נאר אבער, נור דען צווייטען.

די נאָדעל איז קליין און דין, און שפּיזט די גאַנצע הויז.

———

דער מאַנגעל לויערט צו פאַנגען זאָנאָר דעם פליסיגען, דער אָבער לאָזט איהם אויף דער שוועל ניט הערויף טרעטען.

———

עס איז פיעל אנגענעהמער אָב צורוהען פון דער ארבייט, איידער ניט ארבייטען.

———

די אלטע קוראַציע האָט געהייסען בלוט לאָזען און ניט טרינקען קיין ווין און מען איז געזונד געוואָרען, היינט טרינקט מען ווין און מען לאָזט ניט קיין בלוט, און מען קרענקט ?!

———

היינטיגע הענדשקעס ווינען לענגער פאַר א מאָהלינע זאָקען, און היינטיגע ארבעל זיינען קורצער פאַר אמאָהליגען שבל.

———

ווען קען מען די פרייהייט שעטצען ? ווען מען איז אין פעסטונג געשלאָסען.

———

צו וואָס ברויכט מען פאַפּיראָסען ? מען זאָל זיך קאָנען בלאָזען געגען דעם צווייטען !

———

איך האָב שוין דאָס אויך געזעהען, וויא פליגען פליהען תויך, און לייבען ליגען אויף דער ערד.

———

א רבי זאָגט (צום תלמיד): דוא לעהרען, איך ועל זיך א ווילע לעהגען שלאָפען – פאַר'ן לעהרנען, רבי, נעמט איהר דאָך געלד, טאָ לעהרנט איהר און איך וועל געהן שלאָפען, האָט דער תלמיד געענטפערט. – שטיל דוא עז פנים, איך נעם דאָך ניט שכר למוד, נור שכר בטלה! – האָט איהם דער רבי געענטפערט.

———

דריי שווערע זאכען זיינען דאָ: א תענית פאַר'ן רייכען, יום טוב פאַר'ן ארעמען, א גוט וואָרט פאַר'ן קריטיקער.

איינער האָט פּראָטעסטירט נעגען תורת משה, אז דאָס אָב־גטין א פרוי איז איינע מערדערליכע חאראקטערלאָזע בעהאנדלונג נעגען דיא מענשהייט, — אויף דעם האָט איהם א קלוגער בעאנטוואָרטעט : בעסער זאָלען פיער מענשען לעבען מיט פערגעניגען, איידער צוויי מיט קרענקונג.

---

איינריכטען א קעניגרייך דויערט הונדערטע יאָהרען, פערניכטען — איינע טאָגען.

---

דריי ליעבען דריי, אָהנע אונטערשיעדונג, צו גוט צו שלעכט : דער פאָטער זיינע קינדער, דער מייסטער זיין ווערק, דער מאן זיין פאָטערלאנד.

---

עס איז פיעל גרינגער צו מאכען זיך פרום, וויא צו מאכען זיך קלוג, צו גלויבען — גרינגער וויא צו פערשטעהען, צו פערשפּרעכען — וויא צו ערפילען.

---

עס איז פיל גרינגער דעם מענשען ער זאָל געפינען טויזענד פעהלער ביי יענעם איידער ביי זיך איינעם.

---

נימאלס האָט נאָך קיין מענש חרטה געהאַט אויף דעם וואָס ער האָט גוטעס געטהון.

---

וואָס דיא פרוי איז, א גוטע צו א שלעכטע, נעמט זיא אלץ פון איהר מאן, דיא ערשטע נעמט צו דאָס הערץ, דיא צווייטע — דיא גאלל.

---

דריי נעהען גאנץ גלייך : דיא שיעף אויפ'ן וואסער, דער לאָקאמאטיף אויף דיא שינעס, דיא גליטץ־שיך (ליושבעס) אויפ'ן גליטץ, און אלע דריי ויינען אין געפאהר.

---

זאָגאר א בלינדער מיט אלאָמען, נור צחאטען, קענען עררייכען זייער ציעל.

---

דיא גרעסטע נקמה איז, צו פערגעלטען גוטעס פיר שלעכטעס.

---

אמאָהל האָבען אונזערע חכמים נעזאָגט: כל המלמד את בתו תורה כאלו מלמדה תפלות, היינט זאָגט מען: כל המלמד את בתו תפלות כאלו מלמדה תורת.

---

ווען דער בלינדער פיהרט דען זעהענדיגען, מוזעןביידע פאַלען.

---

דיא שטראָפגעזעצטע זיינען גלייך וויא שפינוועב, דיא קליינע פליגעלאך פאַלען העריין, דיא גרויסע פאַלען דורך.

---

ביים קויפמאַן אין דיא אויגען זיינען אַלע קויפער, ביים פּערפאַסער אין דיא אויגען, זיינען אלע לעזער.

---

א קנעכט איז נעגליכען צו א בעזים, ער איז טריי, נור ווען ער איז ניי.

---

קוקסטו אויף דעם הימעל, פערגעס ניט אז דוא שטעהסט אויף דער ערד.

---

ווען דיר גליקט דיא צייט, זאָלסט דוא ניט מיינען ווייל דוא ביזט קלוג, דוא זעהסט דאָך פיעלע גרעסערע נאררען וויא דוא, ווערען נאָך רייכער אלס דוא.

---

וויא דער שענקער האָט ליעב דעם שיכור, דאָך וויל ער איהם זיין טאָכטער פאַר קיין וויב נעבען.

---

עס איז גרינגער צו זיין קלוג פיר דען צווייטען, אלס פיר זיך.

---

זאָגאַר מיט דיין שונא מעגסטו זיך בעראַטהען (א עצה האַלטען), נור ווּיסען זאָלסטו צו טהון פערקעהרט.

---

דער דאָקטאָר קען זיך ניט געזונד מאַכען, דער ארעסטאַנט קען זיך ניט פריי מאַכען.

---

אין דער יוגענד דארף מען זיך לערנען צו קענען רעדען, אין דיא עלטערע יאָהרען דארף מען זיך לערנען צו קענען שווייגען.

---

נור דאן קען דער מענש זיך גליקליך רעכנען, ווען דאס גליק אוּיף דאס אונגליק זאָלען זיין ביי איהם גלייכגילטיג.

---

קליינע קינדער ויינען קלוג, נאכהער לערנען זיי זיך פון דיא גרויסע, ווערען זיי נאררען.

---

דאָס געלד איז א שלעכטער הערר און א גוטער קנעכט.

---

תאלסט דוא דיין סוד ביי זיך, איז ער ביי דיר פערקוּיפט, גיבסטו איהם אוועק דען צווייטען, ביזט דוא שוין ביי איהם פערקויפט.

---

דער וואָס גיבט איבער זיין סוד איינע פרוי, דער בעהאלט זיין וויין אין א זיעב.

---

בעסער צו היטען אליין דעם סוד, איידער צו בעטען יענער זאָל'ן היטען.

---

זאָגט דיר נור יענער דאָס ער האָט א סוד, האָט ער שוין דיא ערשטע העלפט געזאָגט. דיא צווייטע העלפט – וועט ער דיר שוין מאָרגען זאגען.

---

ווען עלטערען האָבען ניט קיין געלד איז א האלבע צרה, ווען קינדער האָבען ניט קיין שכל איז אגאנצע צרה.

---

וואָס איז דער אונטערשיעד פון קלוגען צום נאררען ? דער קלוגער זעהט זיך הערום פאָרהער – דער נארר – נאכהער.

---

ווען דער פעלדמאַן אקערט ניט אום ווינטער, האָט ער ניט אויף זומער, ווען דער פוילער גרייט ניט אן אום זומער, האָט ער ניט אויף ווינטער (דיא אלטע יאָהרען).

ווער איז דער נידעריגסטער מענש ? דער וואָס וועגען איהם איז ניטאָ וואָס צו רעדען.

———

די אַרמוטה איז אַ טאָכטער פון דער פוילהייט, און דאדורך האססט מען דעם אָרעמאַן, ווייל מען רעכענט, דאָס זיינע ארמוטה קומט דורך פוילהייט.

———

אויב דו זאָגסט דו וועסט נאַרען דעם צווייטען, האָסט דו זיך שוין גענאַרט.

———

ניט מיט פיעל פיס קען די פליג לויפען, ניט מיט פיעל משרתים קען דיא שטוב גליקען.

———

דער שקר איז זעהר גרינג, דאַרום טראָגען איהם פיעלע.

———

דיא אונגליקליך איז דער וואָס לעבט אָרעם, אום צו שטאַרבען רייך.

———

וואָס ווענינגער דו וועסט זיך ווינשען, וועסטו האָבען ווענינער מאנגעל.

———

עס איז לייכטער צו ערווערבען רייכטהום. אלס צו היטען רייכטהום.

———

אזוי וויא עס איז ניט שעהן פאַר נאַררען צו רעדען, אזוי איז ניט שעהן פאַר קלוגע צו שווייגען.

———

דער קאַרגער איז געגליכען צו אגעטרייען הינד: דער הונד היטעט זיין הערענס געלד, דער קאַרגער היטעט זיינע יורשים׳ס געלד.

———

דעם אָרעמאַן פעהלט פיל, דעם קאַרגען פעהלט גאָר.

———

טהוא דעם שלעכטען ניט קיין גוטעס, וועט ער דיר ניט טהון קיין שלעכטעס.

———

בעסער צו זיין א נארר מיט דיא נאררען, איידער צו זיין א נארר ביי דיא נאררען.

---

זפנת, מאכט: זופּצען, קרעכצען, נוססען, הוסטען.

---

א גרויסער פרומער קלוגער יוד (רא"ק) האט געזאגט: הלואי וואלט איך אזוי געקענט ליעבען דעם צדיק וויא גאט האט ליעב דעם רשע.

---

פון וואנען שטאמט וואס דיא וועלט זאגט: „דיא מעשה האט שוין אבארד"? ווייל יעדערער לענט צו אזהאר, ווערט אבארד.

---

ווען דער שחרית וואלט נים האבען אויף זיך דעם טלית און תפלין, וואלט ער געהאט דעם איינענעם פּסק וואס מנחה און מעריב האט.

---

איין אפּיקורוס איז געווארען א בעל תשובה. און אויף דער פראגע „עס שטעהט דאך כל באיה כא ישובון" (כדרשת רז"ל), האט ער געענטפערט, דער אפּיקורוס האלט פון דעם פּסוק אויך נים.

---

א פּראווינץ מענש האט זיך קורירט אין ווארשא. און צייט צוויי וואכען האט ער פערקרענקט 150 רובל. ביים רעכנונג מאכען האט ער אנגעהויבען וויינען און האט געזאגט: מיט אזא סוממע געלד האב איך דאך געקענט אין דער היים קרענקען מיט דיא גאנצע פאמיליע גאנצע צוויי יאהר.

---

איינער דערהערט נים וויא יענער ריהמט איהם, כדי ער זאל נאך אמאל איבער זאגען.

---

חכמה אהן אמונה, איז גלייך וויא עס שיינט דיא זון אויף אייז און גליטש.

---

ער זאל וויסען אז אין שול איז קיינער ניטא נור גאט אליין, וואלט ער ניט געקומען דאווענען.

---

ווארמען לאנג צו נעמען א פרוי, מוז מען איבער לאָזען יתומים.

---

ווילסט דוא דיין שונא אין גאנצען בעזיגען דאָס ער זאָל נימאלס אויפ־שטעהען נעגען דיר, זאָלסט דוא מיט איהם שלום שליעסען.

---

בעסער זאָל מיין שונא זעהען אין מיין גליק, אלס איך זאָל זעהען אין זיין אונגליק.

---

אויב דער וואָלף וויל מיט דיר שלום שליעסען, זאָלסט דוא וואָס צום ניכסטען בעהאלטען דיינע שעבסעלאך.

---

דער צאהן דאָקטאָר: ביי מיר מוזען אלע פארביסענע און פארשלאָסענע מיילער, אויפגעעפענט ווערן.

---

דער ריכטער: ווייסט איהר וויא פיעל מאָהל איהר זייט שוין בעשטראָפט געוואָרען?
דער גנב: דאָס ברויכט איהר בעסער וויסען, ווייל איך פארשרייב מיר ניט אזעלכע זאכען אין בוך.

---

ווען מענשען אָרדנען זיך איין נאָך דיא געזעטצע איז גוט, נאָך בעסער ווען זיי אָרדנען דיא געזעטצע נאָכן מענשען....

---

פון קיין זאך קען מען זיך אזוי פיל ניט אויפרעגען וויא צו הערען פון פרעמדע מענשען דאָס מען איז אויפגערעגט

---

דער חתן: בעסער דיא ערשטע קריג, איך מוז דיר זאָגען וויא באלד מיר וועלען חתונה האָבען. וועל איך זיין אייפערזיכטיג.
דיא כלה: איך דאנק דיר פאר דיינע אָפפענהערציגקייט. איך וועל זיך מיהע געבען צו זיין פאָרזיכטיג.

---

אז דער מענש ווערט ערהויבען דאן ווייסט ער וואס חייסט קנאה....

---

די אונגליקליכע ליבע ענדיגט זיך מיט — חתונה האבען.

---

דער גאסט: פאר וואס האט איהר אייער גראבען פינגער אריין געשטעקט אין טעללער זופ?

דער קעלנער: עס שאדעט ניט ווייל עס איז ניט הייס.

---

די קאקטעקטעס זיינען מיט אונז קיין מאהל ניט צופרידען, זיינען מיר אייפערזיכטיג ערגערען זיי זיך. טהון מיר דאס ניט, ערגערן זיי זיך נאך מעהר.

---

דאס חתונה האבען איז אין לעבען איין וואגען. דאס ווייב זיצט אין איהם און דער מאן מאטערט זיך עס צו שלעפען....

„קארטען" האט מען אויסגעטראכט אויף שפיעלען; מיר האבען אבער א גרויסען טעות ווען מיר רעכנען, דאס מיר שפיעלען מיט די קארטען, ניין: די קארטען שפיעלען מיט אונז, מיט אונזער שוואכען כאראקטער און מיט אונזערע נאטור פעהלערין....

די „ליעבע" איז איין קליין בריקעל, צווישען דעם גן־עדן און גיהנם....

---

די פרויען געדענקען דעם טאג פון זייער געבארען און פארגעסען, אין וועלכען יאהר דאס איז געווען.

---

ווען צירונג וואלט ווענען אפילו עטליכע פוד, וואלט עס אויך פאר פרויען ניט צו שווער געווען צו טראגען אויף זיך.

---

א שטארקע פעסטונג און א צנועה זענען גלייך: ביידען קען מען איינגעמען, ווען מען בעלעגערט אויף זיי א לאנגע צייט; נור מיט דעם קליינעם אונטערשייד: די ערשטע פאלט אריין אין די הענד פון שונא און די צווייטע — אין די ארמען פון איהר געליבטען.

ע נ ד ע.

# חיה שטאָלצע.

## I.

**עס איז שבת פאר נאכט.** עס איז א שיינער טאָג. אלע האָבען זיך ארויסגעלאָזען אויף דיא גאסען שפּאַצירען, איבער הויפּט מ׳ערכען. און יונגע פרויען אום זיך צו ווייזען און לייטען צו זעהען. הערען און דאמען האָבען אָנגעצויגען זייערע בעסטע קליידער; און וועלכע האבען קיינע גוטע סכיידער, זיינען געבליבען זיצען דער היים. דעראונטער וואר אויך חיה טאָלצע דיא קרעמערקע. זיא זיצט אליין אין איהר צימער ביין פענסטער, קוקט דרויסען און גיסט זיך מיט טרעהרען. אויב זיא איז שיין אָדער העסליך קען איך דיר מיין ליעבער לעזער, ניט בעשטימען; דען זיא גייט זעהר נאכלעסיג און ניט זויבער ארום זיך, נאָר עס איז איהר ניט צו פערדיינקען: זיא איז געבעך א פערטרויערטעס הארץ, טאָ וויא קען זיא זאָרגען וועגען זויבערקייט און וועגען ריינליכקייט? דוא מיינע ליעבע לעזער׳ן, ביזט דאָך געוויס נייגעריג צו וויסען דיא אורזאכע פון איהרע טרעהרען—דען טרעהרען איז דאָך קיין קלייניגקייט, רעסטאָ מעהר נאָך פון א פרויענצימער, אזא שוואכעס וועזען — טאָ קום אריין אין איהר וואָהנונג און לאָמיר זיך צו האָרכען, וועלען מיר שוין אלעס וויסען.

— אָ, זאָגט חיה טאָלצע מיט א ביטערן זיפץ; אלע גייען ארום שפּאַצירען און איך דארף זיצען און חושכ׳ן דער היים, וואָס איז? איך האב ניט וואָס אָנצוטהאָן. אלע הקדשים האָבען רעטאָנדעס, און איך קען קיין רעטאָנדע ניט דאקאזען.... אז איך וואָלט האָבען שיינע קליידער, וואָלט איך טאקע שיינען וויא דער ליכטיגער מאָרגענשטערן; אז איך וואָלט האבען א רעטאָנדע וואלט איך טאקע פערבלאסקעט דעם גאנצען סמעדרעס. נאָר, אָך און וועה איז מיר! מיין חושעבדינער מאַן, ער פערחושעכט מיר מיינע יאָהרען; ער זאָגט, איך דארף קיין רעטאָנדעס ניט, דארף קיין צירונג ניט, קיין זאך ניט, נוא קען מען לעבען? וויא קען מען דאס נאר אויסהאַלטען?.... אוי וויי! עס פלאמט מיר פראסט מיינע אויגען, ווען איך געה הערייין אין שוהל: אלע טראגען רעטאָנדעס און איך דארף געהן אין איין איינפאכען מאנטעל.... זעלדעצקע דיא בולבעניצע טראָגט א רעטאנדע, דוואָשקע דיא חערינגניצע טראגט א רעטאנדע, און איך, איך בין דאָך עפּעס ניט גלייך צו זייא, **דארף געהן אהן א רעטאָנדע, און דארף ארייננעהן אין שוהל וויא א בעטראַבטע.**

איך ווייס נאר ניט, פאַר וואס לעבט אייבּיג שטראָפט דאס מיר …וי. דאַכט זיך. פאַר דער חופּה האָב איך נענוג טרעהרען פאַרגאָסען, דער אויבערסטער זאל מיר נעבען א גוטע מערכה, היינט נאַ דיר א מערכה! האָב נעקראַנען א מאַן א גזלען: ער זעהט איך פלאַץ, און איהם קימערט עס, וויא דיא וואַנד. זעקס יאָהר, זעקס חושעכדינע יאָהרען האָב איך אבנעפינסטערט פאַר איהם אהן א רעכטען בגד און אָהן א רעטאָנדע. א עס איז דאך גוואַלד צו שרייען! וויא לעבט מען פאַרט אויף דער וועלט?

דאָ איז זיא אויפנעשטאַנען פון שטול, האט נענומען האַסטיג ארומגעהן איבערן צימער און שרייט; ניין, דאס וועט לייננער ניט אויסנעהאַלטען ווערען, איך מוז האַבען א רעטאַנדע! עס מעג דונערען און בליטצען, און א רעטאַנדע וועל איך האַבען! לאַז ער אקאַרסט קומען, מיין שלאַק… ער מעג ביי מיר א מיתה משונה איין נעמען, און א רעטאַנדע מוז מיר ווערען, צו מיט גוטען צו מיט בייזען, איך וועל שוין אויספיהרען דאס מייניגע.

עס האט זיך גלייך נעעפענט דיא טהיר, און עס איז אריינגעגאַנגען איהר שכנטע מיט א פּעקעל אונטער'ן אָרעם.

**2.**

יאַכנע, איהר שכנ'טע, איז נעוועזען זרחקע דעם שוסטערס ווייב. אַז איך זאָג זרח דער שוסטער, דאַרפסטו פון דעסטוועגען וויסען, מיין ליבער לעזער, אַז ער איז ניט נעוועזען קיין נאַסטאַיאַסטער שוסטער, און דוא זאָלסט ח"ו קיין שטיוועל ניט בעשטעלען; דען דאס קען ער ניט. זיין גאַנצע ארבייט וואַר. נאַר לאַטעס לייגען אויף צעריסענע שוהע, און דער פון האט ער זיך ערנעהרט מיט זיין פרוי יאַכנע. נעוואָהנט האט ער אין שקלעפ פון דעם זעלבען הויז, וואו אונזער חייע טאַלצע האט נעוואוינט.

יאַכנע וואַר א נידריגעס, שופּטיִקעס נעשעפּף, גרין און געל אויפ'ן נעזיכט, דיא ליפּען בלאַ פערשמאַכט; דען זיא פלעגט עסען פליישׁ פון שבת צו שבת, און ברויט אויך ניט זייער אפט, ווייל איהר מאַן זרח, וויא מיר וויסען, איז ער נעוועזען א קליינער פערדינער.

דעם מאָהל וואַר יאַכנע זעהר פריינדליך און האט נערעדט אויפ'ן פּיסק.

— הערט, טאַלצינקע, וויא נעפעלט אייך אט דיא סאַמעט, זאָגט דיא און דעם זיא האט איהר פּעקעל פענאַנדער נעוויקעלט. עס וועט זיין דער פון א פיינע רעטאַנדע, הא?

— נישקאשע, עס וועט זיין גוט, זאגט מאלצע מיט א ביטערן זיפץ, אז דיא שוסטערקע האט שוין א רעטאנדע און דיא נים.

— געלויבט און געדאנקט זיין ליעבער נאמען, זאגט ווייטער יאכנע, און דיא אויגען האבען ביי איהר געפינקעלט פאר פריידע, אט וועל איך שוין האבען א רע־טאנדע מיט מזל און מיט גליק. אמת עס איז מיר אנגעקומען ביטער וויא דער טוידט, מיין אלטער געזונד זאל ער זיין, האט זיך איינגעזעצט, ניין און ניין, ער קען ניט און ער וויל נים. עפעס דיא מאנסבילען זיינען אזעלבע נארען א גרויל! זייא פערשטייען נאר ניט, וואס קלידער איז און וויא נייטיג א רעטאנדע איז.... נאר איך האב ניט געשווינען, איך האב קברים געריסען, איך האב זיך מיט איהם גע־קריגט, געריסען זיך, אויף געבעטען מיט גוטען, — עס העלפט נישט.... נאר צום סוף האב איך אויסגעפיהרט, גאט צו דאנקען, און איך וועל שוין האבען א רע־טאנדע.... וואס זאגט איהר? עס איז גוטע סחורה הא? עס וועט זיין נים מיאוס הא? יע מחשבותן, מאלצינקע וואס זייט איהר עפעס היינט אין שטענדרעס ני־געוועזען.... מסתמא ווייל איהר האט קיין רעטאנדע ניט הא?.... עס איז מיר מאקע א וואונדער, חלעבען, איהר זאלט קיין רעטאנדע נים האבען.... איהר זייט דאך אן עין הרע א גנידה, א חוץ אייער שאדען, אויף אלע יודען געזאגט געווארען, ביי אייך אין קראם איז דאך דא פון אלל דאס גוטס, בוקבעס, הערינג, ברויט, א קאדעצקע קרויט, עטליכע זעקלעך מעהל און גרויפענס. מיר ארעמע מענטשען דאר־פען דאך דאס אלץ קויפען, און אז עס פעהלט אמאל דער גריווניק, איז מאקע נימא, און איהר קענט נעהמען און קאבען וויא פיעל איהר ווילט, א קלייניגקייט! קענט איהר דאכט אויספיהרען וואס איהר ווילט: און אייער יקותיאל איז דאכט זיך אויף נים קיין שלעכטער; ער וואלט אייך געווים נים געזאלעוועט.

— יע מע בע, ענטפערט מאלצע, ווילע זיא האט נים געוואוסט וואס צו ענטפערען. זיא וואר העכסט אויפגערעגט, וואס יענע קען אויספיהרען און זיא נים; און האט דאך נים געוואלט איהר ערצייילען איהרע ווייטאגען, אז זיא קען פון איהר מאן נאר נישט אויספיהרען, הייסט דאך דאס א פינסטערע מערבה.

— איך זאג שוין מאקע, זאגט ווייטער יאכנע, וועלכע האט נים געקענט איין רוהען פאר פריידע; דיא מאנסבילען האבען זיך עפעס וויא צונויף גערעדט און ווי־לען נים, זייערע ווייבער זאלען האבען רעטאנדעס. פרעגט, פאר וואס? פאר וועו? וואס ארט זיי, אז זיי האבען ווייבער שיינע אוים געפוצטע? זיי מוזען מאקע מיינע או פרעמדע מאנסליים זאלען אויף אונז נים קוקען. הא וואס זאגט איהר, מאלצינ

קע קריין ?.... הערט, מיין לעבען, איהר זאלט ניט שווייגען, און אויב איהר ווילט האבען א רעטאנדע, זאלט איהר טהאן, וואס איך האב געטהאן.

— וואס האט איהר געטהאן?

— איך האב תהילים געזאגט, פעלד געמאסטען, וויא איך בין א אידישע מאכטער, און עס האט געהאלפען, און וויא איהר זעהט. איך האב געזעהן מיין באבען יאכנע אליסנאבעל (עליה השלום) טראגט מיר א פעקעל, פרעג איך: באבינקע וואס טראגט איהר דאס? זאגט זיא: דאס איז א רעטאנדע, מיין טאכטער, און דוא זאלסט זאגען דיין זרחן, אז אויב ער וועט דיר ניט מאכען קיין רעטאנדע, וועל איך איהם ברייגנען תכריכים, חלעבען, טאלצינקע, איך האב אזוי געטהאן, און וויא איך האב איהם נאר דאס רערמאנט, אט איז געווארען א רעטאנדע, וויא איהר זעהט.

— איהר האט דאך אבער קיין געלד ניט, זאגט טאלצע.

— פטור דאס איז גאר נישט. מיין זרח איז גלייך אוועק געלאפען צו זעלדע דיא טענדלערקע, האט איהר אוועק געטראגען מיין פערינקע מיט זיין פאלטא, וואס ער האט זיך געמאכט צו דער חתונה; אויך א פאאר לייבטער מיטגענומען וואס מען האט אונז געווארפען דרשה געשאנק; און דער פאר האט זיא איהם געגעבען סאמעט אויף א רעטאדע. זיא האט מיר מעהר ניט גערעכענט ווי א רובעל טהייערער אויפ'ן ארשין; זיא דארף דאך פערדיענען, וויא דען? פראצענט רעכענט זיא מיר מעהר ניט צוויי קאפיקעס פון רובעל א וואך, און דער צו האט זיך מיין זרח אנגענומען איהר אויס צו האלטען מיט שכווארנ א יאהר, ווייטער גאר ניסט, און היינט האב איך א רעטאנדע לייטענגלייך. דער אויבערשטער זאל טאקע איהר מאריך ימים זיין, זיא האט מיר פראסט געראטעוועט אין לעבען.

— דיא סחורה איז דאכט זיך צו געלעגענע, זאגט טאלצע נעהמענדיג דיא סאמעט אין האנד.

פטור, דאס איז גאר נישט, זאגט יאכנע, אבי עס וועט זיין א רעטאנדע, געלייבט און געדאנקט זיין ליעבער נאמען. פאלגט מיר, טאלצינקע, טהוט אויך אזוי, וועט איהר געראטעוועט ווערען. נאר הערט צו מיין עצה, ווען איהר וועט זיין אויפ'ן בית אלמען, זאלט איהר ניט בעטען ביי אייער זיידען חס ושלום; איהר ווייסט דאך דיא מאנסבילען, מסטיינס געזאגט.... ער וועט זיך געוויס אויסלאכען אויף אייער געבעט.... זאל גאט אויסהיטען! דיא מאנסבילען האבען נאר קיין שום געפיהל ניט, זיי פארשטייען גאר ניט. וואס איז דאס א רעטאנדע. איהר זאלט נאר

בעטען בײַ אײער באָבען, זאָל געזונד זײַן, דען זיא איז א אידענע און זיא ווײס גאנץ גוט דעם ווײטאָג פון אונזערע ווײבער.

דיא צװײ רעטאָנדעניצעס האבען זיך אזוי אױסקנעשמועסט ביז ס'האט עס איז שוין געוואָרען פינסטער, מען האָט גענומען אָנצידען פײער אין אלע הײזער. יאכנע איז אוועק געגאנגען א הײם, טאלצע האט אָנגעצונדען דעם לאָמפ האט גע־נומען מאכען דעם סאמאָװאר, דען באלד וועט קומען יקותיאל פון מערב. און זיא האט בײ זיך בעשלאָסען, אז הײנט מוז זיא אױספיהרען א רעטאָנדע, פריהער וועט זיא רײדען מיט גוטען, און נאכהער אז עס וועט ניט העלפען, איז מיט בײזען. איך וועל איהם העלפען פערשילטען דיא בײנער, זאגט זיא, און א רעטאָנדע מוז ווערען.

באלד איז ארײן געגאנגען יקותיאל און האט געזאגט, גוט וואך!

3.

יקותיאל וואר א שײנער יונגער מאן א יאהר אכט און צוואנציג מיט א רונ־דען בערדעל מיט קלוגע אויגען. געקלײדעט וואר ער אײנפאך נאָר רײנליך.

ער האט גלײך געמאכט הבדלה און האט זיך געזעצט רעכענען זײן קראָמבוך פון דיא חובות. דער ווײלע איז געוואָרען פארטיג דער סאמאָװאר. טאלצע האט איהם אנגענאָסען טהײ, זיך אויך און האט זיך געזעצט נעבען איהם און ווארט, ווען ער וועט אויפהערען צו רעכענען. וועט זיא אָנהויבען איהר אינטערעס; זיא ווארט אבער און ווארט, און ער פערטיעפט זיך אלץ מעהר אין זײנע חשבונות, ענדליך זאגט זיא:

— קותיאל, א קותיאל!

— צוויי מיט זיבען איז נײן, רעדט ער פאר זיך, נײן מיט אכט איז זיבעצעהן, זיבעצעהן מיט זעקס איז דרײ און צוואנציג; 23 רובעל קומט מיר פון נאפטקע דעם שמיד, און געלד גיט ער א סענט ניט.

— קותיאל, א קותיאל! זאגט זיא ווײטער.

— נײן מיט זעקס איז פופצעהן, רעדט ער ווײטער פאר זיך, פופצעהן מיט זיבען איז צוויי און צוואנציג, און נאך צוועלף איז פיר און דרײסיג; דאס קומט פון יענקעל דעם שנײדער, און מען קען פון איהם א סענט ניט בעקומען. עס איז ניט אויס צוהאלטען, אלץ באָרג און באָרג, און אז עס קומט צו קויפען א זעקעל מעהל, קריכט דיא אויגען פון קאָפ; הײנט באָרג ניט — קען מען א סענט ניט לײזען.

— קותיאל, קותיאל! וואס וועט זײן? איך דארף דאָך פארט האָבען א רעטאָנדע.

ער רעכענט פארוועדמט און עטפערט איהר אלץ נים.

— קותיאל, מאַך מיר שוין אמאָל א רעטאָנדע.

— הא! דוא זאָגסט עפעס?

— הערע, קותיאל, איך מוז האָבען א רעטאָנדע.

— הער א רעטאָנדע, דאס האב איך שוין געהערט.

— נא האָט ווען דיין?

— לאָז מיר צו רוה און דריי מיר נים א קאָפּ. דוא ווערסט דאך אז איך רעדען.

— איהם לינט אלץ דיא דורעס אין קאָפּ.

— נארעלע, דאס איז מעהל, און פון מעהל מאכט מען בולקעס, און אז דיא בולקעס לינט אין מאָגען, איז ער רוהיג; אבער אז ער איז פוסט, זאָל נאט אוים היטען, איז ער נאך ערגער פאר א שלעכטע ווייב. וואס וויל רעטאָנדעס איך קען דיר, טאלצינקע, קיין רעטאָנדעס נים מאכען; עס איז נימאָ פון וואנען. אז איך זאָל דיר נעהמען מאכען קליידער וויא דוא פערלאנגסט, איז אוים געשעפט.

— פטור, ער הייבט שוין אָן מים זיינע קלאגענעס. נישקאשע. אז דער אויבערשטער שפייזט א ווארים אונטערן שטיין, וועט ער אונז אויך שפייזען.

— נארעלע, אז דער אויבערשטער וואלט דארפען אלע ווערעמלאך אנטאהן רעטאנדעס, וואלט ער זיך אויך נים אננעהמען. ער שפייזט דעם ווארעם, ווילע ער פערלאנגט נים פיעל. ער זיינט דיא זאפט פון גראז, און דאס קאסט וועלוועלער ווי א רעטאנדע.

— נענוג דיר, קותיאל, מים דיינע גלייכווערטלעך; איך וויל האבען א רעטאנדע.

— נוא וויל!

— איך מוז האבען א רעטאנדע.

— נוא מוז!.... קענסטו וועלען, קענסט מוזען וויא פיעל דוא ווילסט; נאר מיר לאז צו רוה.

— הער צו, קותיאל, איך בעט ביי דיר מים נוטען, און אז נים....

— שאַ, און אז נים, וואס וועט זיין?

— וועל איך זיך אליין מאכען א רעטאנדע.

— און איך זאג דיר, זאגט ער אויף געבראכט. אז דוא וועסט זיך מאכען א רעטאנדע און מיין ידיעה, וועל איך נעהמען און וועל איהר פערקויפען פאר העלבע געלד; און דוא וועסט קיין רעטאנדע נים האבען.

— נזלן, רצחן! האט זיא אויסגעשריען; אט אזא מעו׳כה האפ איך דאס פאר דיין קאפף!.... האט זיך אנגעזועצט מיר צו פאטערן מיין לעבען.... צאפט מיר מיין בלוט זעקס יאהר נאך אנאנד.... עס פלאמט מיר מיינע אויגען, איך קען אויפ׳ן גאס ניט ארוים נעהן...... איך קען אין א שול ניט אריינגעהן...... זעלדעצקע דיא העריננניצע טראגט א רעטאנדע........ כאסקע שפאן טראגט א רעטאנדע.... חייקע בולבעניצע.. יאכנע לאטוטע, אלע האבען רעטאנדעס און איך אליין ווער א פערפינסטערטע, א פערחושך׳טע אהן א רעכטען בגד........ וואס האסטו צו מיר נזלן?.... דוא האסט מיר גענומען און פארדרייט מיינע יאהרען!.. וועה איז מיר, ווינד איז מיר!.. מען זאל דאס האבען פון א מאן אזעלכע יסורים.. אזעלכע הארצקלעמענעס!....

דא האט זיך מאלצע פאנאנדער געוויינט, עס האט זיך גענאסען טייכען טרערען, אז דער איין נאט האט זיך געמענט איבער איהר דערבארעמען.

און יקותיאל זיצט איטער און רעכענט זיך, און איהם, דיא שטיינערנע הארץ נים נים א קימער, וואס זיין ווייב באדט זיך אזוי אין איהרע טרערען.

און איך, שרייבער פון דער געשיכטע, זאג מאקע אויך, ווייבערלאך, אז עס וואלט געוועזען א סך גלייכער אז דיא מאנסביל זאלען ניט געבארען ווערען, אז אונ־טער זיי קענען זיך געפינען אזעלכע וויא יקותיאל איז: דיא ווייב צושטעכצט זיך אין טרעהרען, און ער מיינט עס רעגענט.

— וואס וועט זיין יקותיאל! פרעגט זיא איהם חליפענדיג.

— קיין רעטאנדע וועט ניט זיין, ענטפערט דער נזלן, סיידען עס וועט דיר אראבפאלען א רעטאנדע פון הימעל, דאס ארט מיך ניט; אבער איך געלד געבען אויף א רעטאנדע...... דאס וויל איך ניט און דאס האב איך ניט.

דיא אונגליקליכע מאלצע איז געבאך אוועקגעגאנגען אין איהר שפאלנע, האט זיך געליינט אין אלע איהרע קליידער, און האט אבגעוויינט דיא גאנצע נאכט. זיא האט געמאכט דיא קישען איהרע אויסצודרייען.

4.

אויף מארגען איז מאלצע אויפגעשטאנען א שאטען; זיא האט א קוק געטאן אין שפיגעל, האט זיא זיך אויך ניט דערקענט.

— רבונו של עולם! זאגט זיא, און איך זאל מאקע בלייבען אהן א רעטאנ־דע?.... ניין, דאס קען ניט זיין און דאס וועט ניט זיין! לאמיך אקארסט דאווגען מיט הארץ, גאט איז א גוטער.... ער וועט איבער מיר רחמנות האבען. מיין נזלן האט געזאגט, אז עס וועט אראב פאלען פון הימעל, ארט איהם ניט, וואס ווייס

מען! אפשר וועט מיר טאקע געשעהן א נס, וואס איז? בייא דעם אויבערשטען איז אלץ מעגליך, עס קען זיין אז איך וועל געפינען א בייטעל געלד, אדער אימע־צער וועט פארגעסען בייא מיר אין קראם א ביסעל געלד.

זיא האט זיך געשטעלט דאוונען, האט ניט געזשאלעוועט קיין טרעהרען, נאך דעם דאוונען האט זיא גענאמען תחינות, נאר וואו עס איז געשטאנען: „דער אויבערשטער זאל דערלייגערן דיא יאהרען פון מיין מאן“ האט זיא איבערגעהויפט. —אז ניט זוכה, זאגט זיא, אז ניט רואה זאל זיין מיין גזלן. איך זאל פאר איהם גאט בעטען.

זיא האט געזוכט א תחינה אויף א רעטאנדע, איז גראד ניטא. זיא איז גע־וועזען אויף דיא נשים צדקניות זעהר אויפגעבראכט; געהערט! תחינות פאר א מאן איז דא, פאר קינדער איז דא, פאר פרנסה איז דא, און אויף א רעטאנדע איז ניטא, געהערט! נאר טאלצע האט אליין פערפאסט איין איינענע תחינה, זיא איז געוועזען א וואהל־געלערנטע, און נאך אלע תחנות האט זיא אזוי געזאגט: דער גאט פון אברהם, פון יצחק און פון יעקב, הער צו דיא געבעט פון דיין דינסט, שיק אריין דיין הייליגען ווילען אין דיא הארץ פון מיין גזלן, ער זאל אויף, מיר רחמנות האבען, און איך זאל ווערען א גיעגטפערטע, אמן, יהי רצון!

גלייך נאך דעם דאוונען איז זיא ארויס אין גאס, איז אוועק אויפ'ן מארק און האט אימער געקוקט אויף דער ערד, נאר זיא האט ניכטס געפונען, אויף מאר־גען איז אויך אזוי געווען, איבערמארגען אויך דאס זעלבע, אבער קיינער פערליערט ניט אין שווארץ יאהרען.... יעדער לייגט אוועק זיין געלד אזוי פארזיכטיג, אז עס איז ניטא קיינע מעגליכקייט צו האפען, עס זאל דערפון ווערען א רעטאנדע.

עס איז פעראיבער געלאפען דריי וואכען, זיא איז מיט יקותיאל ברונז אויף טויט, און איהם קימערט עס וויא דיא וואנד, אזא מין גזלן האט מען נאך ניט גע־זעהען, אז איך, דער ערציילער, בין אויך אויף איהם מלא רציחה. נאר באלד וועלען מיר זעהען, וועט קומען אויף איהם אזא מפלה, אז עס וועט זיין א לעהרע פאר אנדערע מאנען, וואס ווילען זייערע ווייבער קיינע רעטאנדרעס ניט מאכען.

עס איז אנגעקומען א בריעף פון טאלצעס מוטער פון קיסווים, אז זיא זאל גלייך קומען צו פאהרען, דען זיא איז געפעהרליך קראנק.

— אם וועט זיין א רעטאנדע, טראכט בייא זיך חיה טאלצע, דען וויא ניט רייך דיא מוטער איז געוועזען, אלץ וועט בלייבען פון איהר א ביסעל ווירטשאפט, און זיא האט נאך קניפלאך (מיט געלד) אויף. אלזא איז טאקע מיין געבעט גע־הערט געווארען. עס האט אפילו טאלצען זעהר פערדראסען וואס איהר מוטער

שטארבט; דא איז דאך פארט א מוטער,—נאר וואס קען זיא העלפען! דא האט דאך איהר ניט קראנק געמאכט, און ווייטער, פריהער שפעטער, זיא דארף דאך ווען עס איז שטארבען...... זאל זיא כאטש האבען א רעטאנדע.

חיה טאלצע איז אוועק געפאהרען צו איהר מוטער. דיעזע האט זיך אבער גענומען בעסערן, און אין צווייא וואכען ארום] קען שוין טאלצע צוריק פאהרען א היים, אפילו צופרידען וואס דיא מוטער איז געווארען געזונד, אבער דערוויילע האט זיך געעפענט דיא וואונד פון דער רעטאנדע, און עס זעהט זיך קיינע האפנונג ארויס וויא עס זאל ווערען א רעטאנדע. שלעכט, ביטער וויא דער טויט.

חיה טאלצע האט זיך געזעצט אין וואגאן מיט צוויי הערצער: איינע א פריי־ליכע, וואס דיא מוטער איז גענעזען געווארען; און איינע א פערקלעמטע וואס קיין רעטאנדע איז ניטא.

5.

נעבען איהר אין וואגאן איז געזעסען א פרייליכע איינפאך געקליידעטע אין א מאנטעל מיט א טוך און מיט א קליינעם פעקעל אין האנד. דאס פרייליכע האט אויסגעזעהן א יאהר פיער און צוואנציג, זעהר שעהן און געזונד, אבער זעהר טרויעריג. איהרע אויגען ווארען נאס פון טרעהרען. חיה טאלצע האט גענומען מיט איהר ריידען און פרעגען, וואס איהר קימער איז, האט זיא איהר געענטפערט קורץ: איהר וועט מיך נישט העלפען.

חיה טאלצע האט אבער ניט געקענט איינרוהען. און טאקע וויא איז דאס מעגליך אז צוויי פרויענצימער זאלען זיצען איינע נעבען אנדערע און שווייגען: זיא האט דאך גענומען ריידען, האט איהר דערצעהלט פון זיך, וויא זיא פאהרט דאס פון א מוטער, וועלכע וואר זעהר קראנק, און היינט איז זיא נאט זייא דאנק גענעזען געווארען און זיא פאהרט אהיים מיט א פרייליכען הארצען.

דערוויילע אזוי ריידענדיג, האט דאס פרייליכע אויך גענומען ריידען פון זיך און האט דערציילט, אז זיא איז דאס געפאהרען אויף תנאים, נאר פון דיא תנאים איז נישט געווארען, ווייל דער חתן האט פערלאנגט מעהר געלד, און זיא האט מעהר ניט וויא אכט הונדערט רובעל. דאס איז שוין אויף נדן, קליידער און איבע־ריגע הוצאות, זיא איז א יתומה, האט אויך קיינע פערוואנדטע און פריינדע, וועל־כע זאלען זיך איינשטעלען פאר איהר. דאס איז שוין דער פערטער שידוך, וואס מען האט איהר גערעדט און עס איז נישט געווארען. זיא האט מיט טרערען דער־צעהלט פאר טאלצען איהר ביטערען מזל, וויא זיא איז עלענד און קען קיין שידוך ניט מאן; נאר עטוואס א מיאוס מענש פערלאנגט פיעל געלד און א רעכטען

אויסשטייער, זיא וואלט זיך רעכענען פאר גליקליך, אז עס וואלט זיך מאכען אזא פארטיא, אז דער חתן זאל איינגעהן אויף דיא 800 דאללאר נדן, און קליידער זאל ער ניט פערלאנגען; דען זיא אליין פערלאנגט קיינע קליידער און קיינע צירונג, וויא היינט פאָדערט זיך; זיא האלט ניט פון קיין מאָדעס, איז צופרידען צו האָבען א ביסעל קליידער גאַנץ איינפאכע, נאָר איהרע גאנצע געלד זאָל אריין אין געשעפט, פון וועלכען זיי זאלען זיך ערנעהרען אָהן נויט, דאָס איז איהר איינציגער וואונש, און אז עס וואלט זיך מאכען אָזא חתן, וואָלט זיא דאס רעכענען פאר א גליק.

חיה טאלצע האט איהר אנגעקוקט וויא אויף א משוגענע; וויא איז דאס? וויא קען דאס זיין א כלה אהן גרויסארטיגע קליידער און אהן צירונג? וויא קען דאָס זיין, מען זאל דאס ניט פערלאנגען? איינס פון דאָס ביידע אָדער זיא איז איין גרויסע נאַר, אָדער א משוגענע.

דער ווילע דיא 800 דאללאר, וואס דיא מיידעל האלט ביי זיך, איז טאלצען שטארק אריין אין זינען, גוטינקער גאָט! טראכט זיא ביי זיך; אזא מין גלאָמפּ, אזא קליינשטעטעלשער פלאָקען, וואס דארף קיין קליידער ניט, און וואס פערשטייט ניט, וואס איז דאָס צירונג און וואס איז דאס לעבען אויף דער וועלט, — האָט זיא אכט הונדערט דאללאר; און איך טאלצע, וואס פערשטייט וויא צו לעבען און וואס דער לעבען פאדערט און וואס וויים אלע מאדעס, האב קיין זאַך ניט און קען אפילו קיין רעטאנדע ניט דערקאזען!! היינט פרעג ביי דעם לעבעדיגען קשיות!... אה, אז איך וואלט האבען איהרע געלד. ווער וואלט געווען מיין גלייכען....

פלוצלונג איז איהר אריין געפאלען אגעדאנקען, דיא אויגען איהרע האבען גענומען פינקלען, אויף איהרע ליפען האט זיך בעוויזען א העלישער שמייכעל. אה, טראכט זיא ביי זיך, דאס איז א פלאן דיא וועלט אויס. ווען מיין גזלן וואלט מיר נאָר פאלגין, בין איך שוין א געענטפערטע. דיא גאנצע 800 רובעל פאלט אריין אין מיין האנד, און איך וועל האָבען צוויא רעטאָנדעס, ניט איינע; איינע א זומערדיגע און איינע א ווינטערדיגע, און וועל נאך האבען א קייט מיט א זייגער אויף. אָה וויל דיא וועלט.... איך וועל איהר ריידען א שידוך מיט מיין קותיאלין.. זיא וועט איהם אוועק געבען דיא נדן, און נאכדעם וועלען מיר איהר הייסען גיין. און עס וועט איהר קומען כשר; ערסטען דוא קליינשטעטעלשער גלאָמפּ, אז דוא דארפסט קיין קליידער ניט, מאָ אויף דעם וואס דארפסטו געלד? צווייטען אז איך וועל האבען א רעטאנדע, וועל איך דאך גיין אלע שבת אין שוהל, וועט דאך זיין א מצוה; און זיא וואס וועט מאחן מיט דיא געלד — אוועקגעבען א חתן עפעס א תלמיד.

וואס וועט זייא פערשפּיעלען אין קארטען ; איז דאכט זיך אן מיר איז מעהר טאָזה ; דריטען וועל איך דאך דער פון האבען א רעטאנדע...

איך האָב מעהר ניט מורא איין זאך ; צו וועט מיין משומד וועלען מיט מיר מיטהאלטען ; ביי איהם, בּיי דעם גזלן, קען דאס נאָך אויסקומען איין עולה, און ער וועט ניט וועלען.... נאָר איך וועל איהם אויסרייסען, ער וועט דאס מוזען טאָן.

דאָס פריילין, איז זיך נעזעסען פארזונקען אין איהרע טרויעריגע געדאנקען און האָט ניט־אכט געגעבען אויף טאָלצען, וועלכע זאָרגט פאר איהר א תכלית.

— הערט צו, פריילין, זאָגט צו איהר טאלצע : איך וויל מיט אייך עפּעס ריידען.

— וואס ?

— איך האב אויף אייך זייער רחמנות. וויא איהר האָט מיר ערציילט אייער לאנגע, איז טאקע זייער טרויעריג. איך זעה איין אין אייך, איהר זייט איין ארענטלי־כעס מענטש.... וויא זאגט מען עפּעס, הע הע ! א גאסט קומט אויף א ווייל און זעהט אויף א מעלה....

איהר געפעלט מיר זעהר. איך וואלט אייך פארשלאגען א פּארטיע מיט מיינעם א קוזין. דאס איז א יונגער מאן א יאָהר 28, זייער א שיינער און איין ארענטליכער מאן, האלט אכיין א געשעפט און איז א גוטער מענש א דימענט ; איהר וואָלט פאר איהם לעבען זייער גליקליך.

— וועט ער דאך אָבער וועלען א האלבען מילליאָן נאדן.

— זייט רוהיג, דאס פערלאזט זיך שוין אויף מיר. מעהר וויא דיא געלד, וואס איהר האט, וועט ער ניט פערלאנגען, ער וועט מיר פאלגען. ער שטייט ביי מיר קווארטיר, און יעדער שידוך, וואס מען שלאָגט איהם פאר, פרעגט ער אלץ ביי מיר ; ער טהוט נים אן מיר וואס א האר איז ווערט.

— ווייס איך, זאגט דאס פריילין, מען דארף זעהן.

און איך זאג אייך, איהר זאלט דאס ניט אבליינען אויף לאנג, ערסטען איז אויף איהם דא אסך בעלנים ; צווייטען לאמיר זיך ניט נארען, אייך איז דאך זעהר נעפריאסנע צו קומען א חיים יעצט מיט ניסט ; שוין דעם פערטען מאָל געפאהרען אויף תנאים, און אלץ האט זיך מיט ניסט אויסגעלאזען. פאָלגט מיר, פאהרט מיט מיר גלייך אראָב אין אונזער שטאָדט, און טאקע פערפאהרט גלייך צו מיר... איהר וועט איהם זעהן ; און אז ער וועט אייך געפעלען, איז אין איינס און צוויי איז דיא

פארטיע געשלאסען און טאמער וועט אייך ניט געפעהלען וועט איהר זיך קענען פאהרען א היים, און קיינער וועט דערפון ניט וויסען.

דאס פריילין האט דאס אלעס אויסגעהערט, און דער פארשלאג איז איהר זעהר געפעלען געווארען. זיי האבען געהאט נאך צוויי סטאנציאנען צו פאהרען. דיא גאנצע צייט האבען זיי אלץ גערעדט וועגען דער פארטיע און וואס מעהר זיי האבען גערעדט, אלץ מעהר האט דאס פריילין געפונען דיא פארטיע פאר פאסענד, און ווייטער אויב עס איז ניט ריכטיג אלץ וואס זיא זאגט, דארויף קען מען דאך נאכפרעגען און מען דארף זיך ארומקוקען.

6.

ווען זיי זיינען אנגעפאהרען, איז יקותיאל רענסטמאל געשטאנען אין טיהר פון זיין קראם. וויא ער האט זייא דערזעהן פון וויטען, זאגט ער:

— א, אן פאהרט שוין מיין רעטאנדעניכע! אט וועט זיך אנהייבען ווייטער מיינע קלאגען.... אט איז דאס ארויפגעשיקט געווארען א צרה אויף מיין קאפ! זיא וועט מיר פערפינסטערן מיין לעבע: ביז אין קבר אריין...... מיט וועמען קען זיא דאס פאהרען?.... א גאנץ שיינעס מעדכען, כלעבען...... זיי פאהרען גלייך אהער...... אויף וואס קען זיא דאס איהר דארפען?.... מסתמה שטעקט דא א רעטאנדע דערינען.

דער איזוואשציק האט זיך אבגעשטעלט נעבען זייער קווארטיר, וועלבע וואר א פאר הייזער פאר דער קראם. ביידע האבען אבגעשטיגען. טאלצע האט א שמיי־בעל געטאן פון וויטען צו יקותיאל׳ן און זיא איז אריין מיט איהר גאסט אין שטוב.

נאך איינינע מינוטען איז טאלצע אראבגעגאנגען אין קראם און האט יקותיאל׳ן איבערגעגעבען דעם גאנצען פלאן וואס זיא האט אויפגעטאהן. ער האט איהר אנגעקוקט מיט איין אפענעם מויל און מיט אויפגעשפערטע אויגען.

— א, א, זאגט ער קוועטשענדיג מיט דיא פלייצעס; וואס וויל זיא פון מיר האבען! אט וויא פון א טראפקע מאכט זיא פון מיר וואס זיא וויל.

— דוא מוזט דאס אבער טאן, יקותיאל, ערשטען וועל איך האבען א רע־טאנדע מיט ציערונג און ווייטער וועט דיר דאך אריינפאלען נאך עטליכע רובעל

— און דוא מיינסט אז זיא וועט זיך דאס לאזען נארען?

— אוודאי! איך האב דאך שוין מיט איהר אלץ אבגערעדט.... און ווייטער איז דאס אזא מין נאר, אזא גלאמפ, אז מען קען איהר אנהייגען א כונג און לע־ער אויף׳ן נאז. דאס איז א קליינשטעטעלשער פלאקען. דוא קענסט זיך פאר־שטעלען אז זיא זאגט דא האלט ניט פון קליידער און פון קיין מאדעס...... נוא,

יקותיאל, געה אריין צו איהר און רייד זיך מיט איהר דורך. איך וועל דא שטיין דערווייל אין קראַם: ניט פערגעס צו זאגען, אז דוא ביזט מיינער א שוועסטער־קינד. זיא וועט דיר שוין אלץ גלויבען, דער גולם.

— נוא, זאָגט ער, איז עס פון גאָט, איז געלויבט גאָט!....אט שטייט מען דאָס אויס פון א ווייב!........ איך מוז געהען, וואס זאל איך טאן; אבער זעה, מאלצע, דוא זאלסט באלד אַרויפקימען........ א שיינער עסק פאַר מיר, זיצען דארטען מיט א מיידעל און פארברייננען. מיט איהרע רעטאָנדעס האט זיא מיך קראַנק געמאכט, פאר א משוגענעם געמאכט, זאגט ער מיט ערגערניש; אבער דאך אין זיינע אויגען איז געווען צו זעהען אז ער איז גאר ניט אונצופרידען מיט דעם שווינדעל.

אז ער איז ארויסגעגאנגען, זאגט מאלצע צו זיך העכסט פערגניגענד: א משוקאוועסט, כלעבען, איך האב גאר ניט געדארפט מיט איהם פיעל טענה׳ן. מען זעהט מאקע בעשיינפערליך (שיינווארליך), או מיר איז בעשערט צו האבען א רעטאנדע....און דער וואס איך בין ניט ווערט צו דערמאנען זיין נאמען אהן געוואַשען, האט מאקע צוגעהערט מיין געבעט. זיי וועלען קלוימערשט באלד מאכען א קנין, זיא וועט איהם באלד אוועקגעבען דיא געלד, איך וועל גלייך געהען אין קראם, וועל מיר נעהמען אויף א רעטאנדע און איהר דעם גלאָמפּ וועל איך הייסען געהן אין אלע שווארצע יאהרען, און דאס איז געווים קיין עולה ניט, דען אז יקותיאל טהוט דאס איז דאס געווים רעכט, דען ער איז איין עהרליכער מאן, כאטש ער איז א גזלן פאר מיר. דאס וועט זיין א כשר׳ע שיסעל מיט א כשר׳ע לעפעל. חא, חא! איך קייף זיך פון געלעכטער, וויא איך בין א אידישע טאכטער.... דאס איז אזא איינפאַל דיא וועלט אוים.... און ער רופט מיר נאך נאר; דאכט זיך אזא חכמה וויא איך בין איז ניטא. מיט איין שטיקעלע שווינדעלע חאפּ איך אכט הונדערט דאלאר. א קלייניגקייט! וואו איז דא א אידינע זאל פערדינען אזוי פיעל געלד אין איין טאג אדער אין איין שעה?

וועהרענד מאלצע האט געקוואלען פון זיך, פון איהר כאראקטער און פון איהר שארפזיניגען קאָפּ, זיינען דערווייל יקותיאל און גיטעל געזעסען און געשמועסט. וואס זיי האבען אייגענטליך גערעדט, קען איך דיר, מיין ליבער לעזער, ניט איבערגעבען, דען זיי וואַרען אליין אין צימער, דאס קענע מיר גאנץ גוט פערשטיין, אדער מיר וועלען דאס באלד וויסען אויף קלאר.

ווען מאלצע איז אריינגעגאנגען אין א האלבע שטונדע ארום, האט זיא געזעהן, אז זיי זיינען וועהר צופריעדען. דיא אויגען האבען ביי איהם געפינקעלט פאר

פריידע און ער האט געקוקט אויף דאס פרייכין זעהר מילד. ניטעל ווידער איז אויך געוועזן העכסט צופרידען. א שיינער פורפור האט געשפיעלט אויף איהרע וואנגען און האט זעהר ליעבליך געשמייכעלט.

— נו, איהר זייט צו פרידען? פרעגט מאלצע.

— מיר זיינען צופריעדען, זאגט יקותיאל. מיר נייען איין אין אלע פונקטען. דוא ביזט א גאנץ וואזנע שדכנטע, קווינע. איך געפין דיזע פארטיע זעהר פאסענד.

— היינט זייט וויסען, זאגט מאלצע פערגנינט, אז איהר מאנסבלען דארפט זיך נים איבערנעהמען: איהר זייט אליין דיא בריות; מיר ווייבער זיינען אויך אזעלכע העלדען, און אזעלכע שדכנטעס וויא איהר. איצטער וואלט זיין מיין עצה, אז היינט זאל זיין א קנין און מען זאל איינלייגען דיא געלד, און אבגעמאכט.

— איינלייגען דיא געלד, זאגט ניטל, דארף מען נאר נים. ער איז דאך א מענש א זעלבסטשטענדיגער מיט א געשעפט. איך וועל איהם דערלאנגען דיא געלד אין האנד; אבער צו דער חופה.

ביי דעם ווארט חופה איז מאלצע געבליבען שטעהן פערבליפט. זיא האט קותיאל'ן א וואונק געטאהן. ער איז מיט איהר ארויין אין איין אנדער צימער.

— וואס זאגסטו צו איהר, זאגט מאלצע; א חופה ווילט זיך איהר, וויא געפעלט דיר?

— פאלג מיר, זאגט קותיאל, לאז זיא געהן, און א סוף!

— וויא הייסט עס, וועל איך דאך בלייבען אהן א רעטאנדע! ניין, דאס קען נים זיין. איך וועל איהר נים איינלאזען. איהרע געלד מוז בלייבען ביי אונז.

— טא וויא ווערסטו מאכען?

מאלצע האט זיך פערטראכט — הער, זאגט זיא, איך בין געפאלען אויף א פלאן: מיר זאלען מאכען קלוימערסט א חיפקע אויפ'ן פארשטאט, ניט דא; פאר-רופען א פאאר אידען פיאניצעס, זייא אנשיקורען, זייא זאלען נים וויסען וואו זייא זיינען אין דער וועלט; און אונטער דער חופה, אנשטאט הרי את, ווערסטו זאגען אשר יצר, אדער מאכען א ברכה בורא פרי אדמה. און זיא דער גלאמפ וועט גאר נישט וויסען.

— מיינע דאנות! זאגט ער; לאז זיין אזוי, צוליעב דיא רעטאנדע מוז איך זיך שוין לאזען בויגען. וואס זאל איך טאהן? אלע צרות מוז איך אויסשטיין פון דיינטוועגען.

זייא זיינען אריין געגאנגען אין צימער, וואו ניטל איז געווען, און האבען אב-געמאכט, אז היינט זאל זיין תופת אויפ'ן פארשטאט, נים דא אין שטאדט. ווייל

דא האבען זיא פיעל קרובים און פריינדע, און אלעם איינצולאדען דארף זייער פיעל קאסטען; און וויא מיר ווייסען, אז ניטל האט נים נעהאלטען פון פיעל געלד אויסגעבען, איז זיא זייער לייכט איינגעגאנגען דעראויף. דער פלאן האט געלוינגען פאר ביידע צדדים.

גלייך וויא דיא זאך איז געווארען אבגעמאכט, איז מאלצע אוועס געלאפען אין דיא מאגאזינען אבקלייבען סאמעט און פלוס אויף צווייא רעטאנדעס. דען זיא מוזען האבען איין רעטאנדע-אויף שבת פערטיג, ניט אנדערש; און וויא באלד דער קלייבען דויערט פיעל צייט, אזוא מוז מען היינט אבקלייבען דיא שטאף, מארגען אין דער פריה בעצאהלען און גלייך אוועקגעבען דעם שניידער נייען; עס זאל קיין אסטאנאוועקעס נים זיין. און אויף שבת מוז זיין פערטיג אויף זעלרעצקעס צופלאצע־נעס און אויף דוואסקע דיא הערינגנגוצעס לאפענעס. מיקא צירונג וועט מען שוין קענען קויפען מיט א טאג שפעטער; דאס דארף מען דאך נים מאכען; מען קויפט און מען טוט אן.

## 7.

פון אבענד האבען יקותיאל, מאלצע און ניטל זיך געזעצט אויף איזוואסציקעס, זיינען אוועק געפאהרען אויפ'ן פארשבאדט, האבען אבגעשטיגען נעבען מישל דעם שמש פון שול, זיינען אריין אין שטוב. יקותאל האט איהם אבגערופען אין איין אנדער צימער און האט איהם ערקלערט, וואס ער האט דא צו מאהן. ער האט איהם דערלאנגט א שיינע מתנע. מושל האט גלייך אריבער געשיקט נאך עטלי ע יידען, וועלכע ענטזאגען זיך נים פון אביסעל בראנפען. מען האט קיין שהיות נים געמאכט, מען האט געשטעלט א חופה, און יקותיאל האט דערלאנגט גיטלען א רינג און האט אבגעזאגט הרי את, וויא עס געהערט צו זיין.

מאלצע, פון גרוים שמחה האט פערגעסען צו זיין דערביי נעבען דער חופה; דען זיא איז געוועזען פארטאהן מיט דער צו בערייטונג פון צו בייסען. אז מען מאכט שוין א שטיקעל שמחה, דארף שוין זיין וויא געהעריג איז. ווייטער קען מען זיך אויף קותיאל'ן גאנץ גוט פערלאזען; ער פערשטייט וואס ער האט צו מאהן; ער איז דאך א קלוגער, וועט ער מסתמא זעהען נים אריין צופאלען.

נאך דער חופה האט מען זיך געזעצט צום טיש, אויף וועלכען עס וואר אנ־געשטעלט באמלעז מיט משקה און מיט אלערלייא צובייסען פון פולען האנד דיא געסט האבען געטרונקען און געגעסען און האבען זיך גאר נים געקימערט פאר דיא ארעמע גיטלען, וואס ווערט יעצט אונגליקליך, אדער פאר מאלצעס רעטאנדע צו

זיא זאל זיין פון סאמעט צו פון פלוס ; זייא האבען גאר נעפתען, און דיא בראנפען איז גאנץ שמארק און עס ערקוויקט מאקע דאס הארץ.

— ווייא נעפעלט דיר, קותיאל, זאגט טאלצע צו איהם אין דער שטיל : ווייא נעפעהלט דיר דער שפיצעל, וואס מיר האבען דא אבגעשפיעלט מיט דער קליינ־שטעטעלשע פלאקין הא הא הא !

— דוא ביזט מאקע א חכמניות, טאלצע, ווייא איך בין א איד דערפאר ווערסטו האבען א רעטאנדע אבער איין אנטיק.

— איין רעטאנדע מיינסטו ? אפע ! פאר דיא געלד קען איך האבען צוויי רעטאנדעס, איינע א סאמעטענע און איינע א פלוסענע. וואס איז ? און א קיים מיט א זיינער מוז איך האבען און א בראסלעט אויך. אז דיר וועט בלייבען מעהר ניט א פאאר הונדערט רובל פון דיא געלד, מאכט אויך ניט אויס.

— איך וועל זיך מיט דיר דעראיבער ניט קריגען. זאגט ער :

— אט דערפאר האב איך דיר האלד קותיאל. הערסטו, איך בין שוין היינט געווען ביי פינקעלשטיין און האב אנגעקליבען סאמעט אויף אכט רובל איין ארשין און פלוס אויף צוועלף רוביל ; דיא סאמעט בלאסקעט ווייא א שפינעל, שווארץ און גראנאט מיט נעדריקטע אוזארען. ווייא זאגסטו. וויא זאל איך מאכען מיט א קאנט־טרעפאלד פון הינטען צו מיט א טאל פאלד ?

— ווייס איך ?

— הער, קותיאל, וואס זאגסטו, צו זאל איך מאכען א שטוארט קראנזען אדער א שטייענדען ? ווייא הויך זאל איך מאכען דיא שולטערין (בופען). איך קלער וואס העכער איז אלץ שעהנער, הא ?

— נעוויס וואס העכער.

— וויא זאגסטו זאל זיין דיא אונטערפוטער מיט געלבע אטלעס אדער מיט בארדא ?

— מאך מיט ביירע.

— וואס פאר א נומער רוא ביזט, קותיאל, זאגט זיא איהם אנקוקענדיג מיט א שמייכעל.

— מאקע וואס זאל איך דיר זאלעווען, טאלצינקע ? דוא האסט אויפגעהא־רעוועט, טא מאך זיך ווייא דוא ווילסט,

— א הוט וועל איך זיך אויך מאכען פון דיא זעלבע פלוס אבמעקינ ; דאס איז העכסט מאדע יעצט.

— אוראי ווייא דען ?

א שניידער האב איך שוין אויך בעשטעלט. ווייל איך וויל אויף שבת זאל זיין פערטיג.

— נעווים מוז זיין אויף שבת פערטיג.

— דיא געלד האסטו שיין אבגענומען?

עס איז אזוי גוט וויא בייא מיר אין האנד, זאגט ער, זיא האט מיר געוויזען דיא געלד, אכט הונדערטער; נאר עס האט ניט געפאסט צו נעהמען ביי דער חופּה. זיי רוהיג דוא האסט שוין אלץ, וואס דוא האסט געוואלט.

זייא האבען דארטען פערבראכט ביי א שטונדע צייט. נאך דעם זיינען זייא אוועק געפאהרען א היים.

8.

דיעזע נאכט האט מאלצע ניט געשלאפען פאר פריידע. דיא רעטאנדע האט איהר אימער געשוועבט פאר דיא אויגען. זיא האט זיך אימער פארגעשטעלט וויא זיא וועט אנטאן דיא רעטאנדע מיט דיא נייע הוט און וועט ארייננייין אין שול, אלע וועלען א קוק-טאהן אויף איהר און וועלען בלייבען פערוואונדערט. דיא שונאים וועט ארויס דיא אויגען קוקענדיג. אלע וועלען איהר מאכען א וואארע, דיא הקדש'ישע ווייבער וועלען זיך פאנאנדער רוקען און לאזען איהר א פלאץ דורכ־צוגיין צום אויבען אן; זיא וועט זיך שטעלען אין מזרח וואנד און דיא נגידות'טעס וועלען ניט וואגען איהר א ווארט צו זאגען. אז זיא וועט פערווארפען דיא רעטאנדע וועט זיך ארויסזעהען דיא גאלדענע קעטטע, וועלכע וועט בלאנקען וויא דיא זון.... און וואס האט דאס אלץ געמאכט? נאר א קלוגער איינפאל.... און עס האט אזוי ניט אפגעגאלטען. געראד דארף זיך איהר טרעפען אזא מין גלאמפּ, וואס מען קען איינריידען ווער ווייסט וואס. אנדערש ניט וויא זכות אבות האט זיך דא איינגע־שטעלט און דער אויבערשטער האט דערהערט איהר געבעט.... א, וואס פאר א זויערע מינע דיא גימקע וועט דאס מאכען, בשעת איך וועל איהר זאגען: ארויס פון דאנען! און אז זיא וועט זאגען דיא געלד! ווער איך זאגען: „יא טעבע נעבענ־רע..... איך קען דיר ניט און ווייס דיר ניט. דוא דארפסט קיין געלד ניט, א טרענער וועט דיך נעמען אן געלד אויך...... און איהר וועט קומען כשר, דער פאר וואס זיא וויל נעמען פרעמדע מאנען, הא, הא, הא! א קעפעלע האב איך... איך וואלט זיך א קוס טאן אין שטערען, אז איך וואלט קענען.

מיט דיא זיסע געדאנקען איז זיא איינגעשלאפען און האט געזעהן זיסע חלומות.

אויף מאָרגען איז זיא אויפגעשטאנען גאנץ פריה האט זיך ארומגעוואשען, האט אנגעטאָן איהרע בעסטע קליידער; דען זיא דאוף גיין אין מאגאזין נאך דיא שטאף אויף דער רעטאנדע : זיא וויל דורכאויס עס זאָל זיין פארטיג אויף שבת.

זיא גייט צו צו יקותיאל'ן און בעט בייא איהם דיא געלר. זאָגט ער איהר: „וויא געפעלט דיר, טאָלצע א גלייכווערטעל? זיא גיט דאך דיא געלד נים."

— וואס פאר א קריינק אויף איהר, שטייטש פאר וואס? שרייט טאָלצע העכסט אויפגערעגט.

— זיא זאגט, זיא האט מורא, טאָמער האב איך א ווייב וואו עס איז, ווייל זיא גלויבט נים, אז א מענש פון 28 יאהר בייא אידען זאָל זיין א בחור.

— האסטו איהר געזאָלט זאָגען, גזלן, אז דוא האסט געהאט א ווייב און דוא האסט איהר גע'גט.

— דאס האב איך טאקע געזאָגט; גלויבט זיא נים. זיא וויל איך זאָל איהר ווייזען א צעטעל פון א רב אז איך בין א גרוש, אז נים, גים זיא דיא געלד נים. וויא געפעלט דיר א פשאקרעוו, הא!

— א קלאָג איז צו מיר! וואס זאָל איך פאָרט איצטער טאָן? שרייט טאָל-צע ברעכענדיג דיא הענד: וועה איז מיר, ווינד איז מיר, איך וועל דאך נים האבען דיא רעטאָנדע אויף שבת.

— איך האב מורא, אז נאך שבת אויך נים, זאגט ער קאלטבלוטיג.

— ער רעדט זיך אב: נאך שבת אויך נים.... קאלטער גזלן! משומד!.... ער זעהט, עס פלאצט אין מיר דיא גאל, און איהם ארט וויא דיא וואנד.... מיר גיסט זיך מיין בלוט און ער שטייט און לאכט, טרופה'נער ביין!.... אז אין דער ערד האָט געזאָלט גיין דיא גלאָטפ, דער פלאָקען.................. וואסערע צרות זיא מאכט דאס מיר אָן.... וואס פאר איין אָבקלער דאס איז.... צעטלעך פון רבנים! א, א!.... וואס שווייגסטו משומד! גיב עפעס איין עצה, וואס זאָל איך טאָן? דאס איז נים קיין גלייכווערטעל...... איך בין דאך שון געוועזען בייא פינקעלשטיין אין מאגאזין, האב אבגעליינט שטאף, איך מוז דאס היינט ארויסנעה-מען, עס קען דאך אנדערש נים זיין...... דוא הערסט, קותיאל, דוא געה שון צום רב, גיב איהם א דריי רובעלדיגע, א פינף, א צעהן און ברייגג מיר דעם צעטעל וואס דיא צוצעלע וויל האבען.

— נוא, רבוש"ע, זאגט ער מיט א קרעכטס, וואס דיא אידענע צומאטערט מיר!.... זאָל שוין זיין דער לעצטער מאל אזעלכע צרות. מיט דיא רייד האט ער אנגעטאָן דעם פאלטא און איז אוועקגעגאנגען.

אין א האלבע שטונדע ארום איז ער געקומען און זאגט, אז דיא גרויסע רבנים ווילען דאס ניט הערען און ניט זעהען, נאר דער רב פון נייעם פארשטאדט נימ יע אזא צעטעל, נאר אז....

— וואס אז? פרעגט זיא מיט אונגעדולד.

— נאר אז מיר זאלען זיך אויף א ווײלעצקע אב׳נמ׳ן.... דאס הייסט אויף א גלייכוועֿרטעל.

— דאס קען מען? פרעגט זיא.

— יע, פאר וואס נימ? זאגט ער. אנדערש גיט ער דעם צעטעל ניט, דוא פארשטייסט?

— איז ווען קען מען דאס מאכען?

— חאטש שוין, אויב דוא ווילסט.

— קום, לאמיר שוין פאהרען; איך מוז היינט האבען דיא געלד נימ אנ־דערש.

— זעה לאז מיר, צו רוה, זאגט ער, איך בין א פארמאטערטער פון דיינע קאמעדיעס.

ניין, איך לאז דיר ניט אב. שרייט זיא, איך מוז שוין אבפטר׳ען דעם עסק.. אבער נאך דעם וועל איך זיך מיט איהר אברעכענען אויף דער וועלט. מיט שטע־קענס וועל איך איהר ארויסטרייבען פון דאנען! דיא ביינער וועל איך איהר צו־ברעכען, דיא שמארעכניצע. זאג מיר, קותיאל, וואס איז דיא נפקא מינא צווישען א גט אויף איין אמת אדער אויף א גלייכווערטעל.

— איין אמת׳ען גט שרייבט מען אויף פארמענט, עס מוזען זיין א מנין אידען דערבייא, עס מוז דויערן דרייא שעה,—און דעם גט ווען מען שרייבען אויף פאפיר און אין א האלב שעה איז פארטיג.

— אויב אזוי איז גוט. מיט דיא רייד האבען זיי זיך אננעטאן און זיינען אוועקגעפאהרען.

אין צוויי שטונדען ארום איז מאלצע מיט מזל געווען א גע׳גט׳ע.

**9.**

וויא זיי זיינען אריין אין שטוב נעהמט יקותיאל און דערלאנגט ניטרען דעם צעטעל פון רב, אז ער איז א גרוש, אויך דעם פטור, אז זיין ווייב איז א גע׳גט׳ע. ניטעל האט זיך געשטעלט, האט ארויסגענומען אכט הונדערט רובעל פון איהר פארטמנע, האט דערלאנגט יקותיאל׳ן זיבען און איין הונדערטער מאלצען און זאגט:

נאַט אייך, מאַלצע, שדכנות א התדערמער און איך דאנק אייך זעהר, דאס איהר האט מיר געגעבען א מאַן נאך מיין וואונש, פאר וועלכען איך האָף גליקליך צו זיין.

מאַלצע האט געפיהלט אז איהר האט זיך אבגעריסען אין הארצען. דער טאָן פון ניטלען און איהר ערנסטע מינע האט איהר געגעבען צו פארשטיין, אז דא האט זיך אבגעשפיעלט א העלישע קאמעדיע, נים מיט ניטלען, נאָר מאַקע מיט איהר אליין. זיא איז געבליבען שטיין פערלביפט, זיא האט ניט געפונען קיין ווערטער וואס איהר צו זאגען. זיא ניט א קוק אויף יקותיאל'ן, עפעס א גיפטיגער שמייכעל לינט אויף זיינע ליפען, דאס האט איהר גאָר נידערגעשלאגען.

— יעצטע, מיינע פריינדין, זאגט ווייטער ניטעל, און דיא אויגען האבען ביי איהר געפינקעלט וויא ביי א טיגערין, וואס האלט דיא לאפע אויף איהר אָפפער.

— יעצט, מאלצע, האט איהר הונדערט רובעל, מאכט זיך א רעטאָנדע און טראגט געזונדערהייט און היינט זאלט איהר זיך זעהען א קווארטיר. איהר פער־שטייט אליין. אז א גע'גט'ע פרוי קען שוין מעהר ניט וואהנען צוזאמען מיט איהר געוועזענעם מאן.

— ווא—וואס רעדסט דוא דאָ? האט גענומען מאלצע שטאמלען, זיא האט זיך געמוזט אנהאַלטען אן שטוהל, זיא זאל ניט פאלען. וואָ—וואס פלוידערסט דוא דאָ? איך זאל געהן פון מיין שטוב, פון מיין מאן?...... דוא, דוא זאלסט ארויס פון דאנען...... דוא ביזט זיך געקומען צו שלעפען פון אלע שווארץ יאהרען און דוא וועסט געהן אין אלע שווארצע יאהרען....

שטילל! האָט ניטיל געגעבען א געשריי, אז מאַלצע האט גענומען ציטערין; דוא מאכצע, האסט מיך געוואָלט בנזכן, אוועק נעהמען מיינע יתומישע געלד.... מאכען זיך רעטאָנדעס, און איך זאָל אוועק אין דיא הייזער.... דערצו נאך אזא נידערטרעכטיגע מיך אויס צו לאכען.... זאלסטו וויסען אז אין דעם נעמץ, וואס דוא האסט אויס געשפרייט פאר מיר, ביזטו אליין אריין געפאלען, נים איך: יקותיאל האָט מיך מקדש געווען נאך דעם אידישען דין, און דיך האט ער גיגעט נאר וויא עס געהערט צו זיין. דוא ביזט נים מעהר זיין פרוי, — זיין פרוי בין איך.

— דער מקדש זיין איז געווען א גלייכווערטעל און דער גאַט איז געווען נאָר אויף א געלעכטער! שטאמילט מאלצע.

— אין אזעלכע זאכען גייט נים אן א גלייכוועדטעל, זאגט ניטיל. דיא קדושין איז געווען וויא דער דין, און דער פטור, וואס ער האט מיר געוויזען, איז א ריכטי־גער: א רב גיט נים קיין פטור אָהן אגט. נייא פרעג ביי וועלכען רב דוא ווילסט.

— קותיאל, וואס שווינסטו האט גענומען שרייען מאלצע: שלעפּ איהר שוין אוועק צום רב, דיא משומר'עסטע און נט איהר אָב צוריק.

— עה! איך פיל זיך, זאָגט יקותיאל גלייכגילטיג זיך מאכענדיג א א פּאפּיראס.

— וויא הייסט עס! שרייט מאלצע מיט א הייזעריגע שטיממע: דוא זעהסט דאָך, זיא טרייבט דאָך מיר פון דאנען.

— איז וואָס. האסטו מורא, איך וועל בלייבען חס ושלום אָהן א ווייב, זאָגט ער קאַלט; עה! אז זיא בלייבט דא מאכט שוין ניט אויס. און קיין רעטאנדרע בעט זיא דאָך אויך ניט; טאָ לאז שוין זיין אזוי, וויא עס איז.

— הער צו דוא, יונגאץ, שרייט מאלצע מיט וואוטה. דוא זאלסט מיר קיין גלייכוועדטלעך ניט מאכען, דוא ארצענער יונג.

— און איך זאג דיר, רעטאָנדעניכע, זאָגט יקותיאל ערינסט, אז מיין ווייב איז היינט מאקע ניטיל, ניט דוא.... דיינע רעטאָנדעס האבען מיך קראנק גע־מאכט.... איך האב געוואלט פון דיר לאנג לייז ווערען; נאָר איך האָב קיין מיטעל ניט געהאַט. היינט א דאנק דיין רעטאָנדע, האסטו מיר דעם מיטעל געגעבען אין האנד: ווען דו האסט מיר געהייסען מיט נימלען דורכריידען זיך, האָב איך איהר אלעס ערקלערט. זיא איז מיר געפעלען געוואָרען און איך בין איהר געפעלען גע־וואָרען. מיר האבען ביידע איינגעשטימט, אז דיא קאמעדיע זאָל זיך שפּיעלען; אבער עס זאל זיך דער פון אויסשפּילען וואס מיר האבען ביידע געוויינט: מיר זאלען בלייבען מאן אונד פרוי.

מיט דיא רייד האט ער נימלען אומגעארעמט און א קוש געטאָהן.

מאלצע איז גלייך אוועק געלאפען צו דיא רבנים, האט זייא ערציילט פון דיא קדושין און פון דעם גט, וואס זיא האט געמאכט פון א גלייכווערטיל ווענען. אוי וויא דיא רבנים האבען אויך געזאָגט, אז זיא איז שוין ניט מעהר יקותיאלס ווייב.

דעם זעלבען טאג האבען דיא נייע פּאָר אויסגעצויגען אין איין אנדער וואה־נונג, מאלצע איז געבליבען אהן א מאן; אָבער דער פאר קען זיא זיך היינט מאכען א רעטאָנדע.

**ענדע.**

## ס'איז א לעבען פאר דיא כלבים.

איין אסטראָנאָם זאגט אז מארס האט דרייא לבנות. עס איז א נוטער נע־שעפט פאר דיא מארס'ער הינד וואס קענען ביללען אויף גאנצע דרייא לבנות

---

## צעהן טויזענד דאלאר בעלאהנונג!

צו דעמיענינגען וואס וועט ערפינדען א שלאס פאר א וויבערשען מויל.

---

## שיפס אונגליק.

שמערל.—אך, מיין גאט! ווידער א שיפס אונגליק!

בערל.—וואס איז? ווידער אונטערגעגאנגען א שיף?

שמערל.—ניין, דיא שיף איז ניט אונטערגעגאנגען, מיט איהר איז מיין פרוי אנגעקומען.

---

## רחמנות אויף א יתום.

ריכטער.—איהר זייט בעשולדיגט דאס איהר האט ערמאָרדעט אייער פאטער און מוטער. וואס האט איהר צו זאגען אום אייער פערטהיידינונג?

אנגעקלאגטער—נאר נישט, העררע ריכטער, איך האף נאר אז איהר וועט אויף מיר רחמנות האבען ווייל איך בין יעצט געבליבען א יתום

---

## עס האט ניט געהאלפען.

בעטלער.—שיינקט מיר א נדבה, איך בין הונגעריג

קארגער.—ארבייטען געה, דוא פוילענצער, וועסטו ניט דארפען חתנען.

בעטלער.—איך בין טאקע געגאנגען ארבייטען, בין איך נאך הונגעריגער גע־וואָרען.

# מאדאם שטיינבאק

## 1.

**זלאטע באדאנע... פטפו! מיין איך: מאדאם שטיינבאק איז א פאראד־ציכע, נים דער פאר,** ווײלע זיא נעהמט א: פאדראדע, ניין! נאר דער פאר, ווײלע איהר מאן חיים שמערל שטיינבאק איז א פאדראדציק. וועסטי דאך, מיין ליבער הארצינער לעזער, מיינע, אז ער סטראיעט אייזענבאהנען, שאסייען, בריקע, אדער אזוי קאזאנע פאסטראיקעס, אדער ער שטעלט צו פראוויאנט פאר וואיסקא,— ניין! קיין זאך נים! ער האט צייט לעבע: קיין פאדראד נים אנגענומען און עס פערשטעהט זיך, קיין פאדראד נים אויס נעפיהרט. טא וואס דען?—אז עס מאכט זיך א קליינער טארגל, אדער אז עס פערקויפט זיך א מין אלטע פערראסטע אייזען קאזאנע, אדער אלטע פערשימעלטע סברויעס, קומט חיים שמערל אויף אהין. אבער קויפען קויפט ער נים, חס ושלם! ער איז נאר נים אזא נאר צו האבען צו טאן מיט אלטע לופעטעס, נאר וואס דען? ער נעהמט א טהייל פון דיא אבטרעטנעלד, וואס דער קויפער גיבט דעם גוד אגוד, וויא זייא רופען דאס אן. אמאל קען ער חאפען פינף קארבען זילבערנע, אמאל אנדערהאלבען אונד אמאל נאר צוואנציג קאפיקעס, עס ווענדעט זיך אן דער סוממע פון דער פאקופקע אונד אן דער צאהל פון דיא לייטע, וועלכע זיינען נעוועזען אויף דעם טארג. נאר א ביסל בראנפען האט מען א דאנק דעם אויבערסטען אלע מאל; דען נאך דעם טארג נעמט אריין דער גוד אגוד אין א דערבייאינען שיינקל אונד דער קויפער הייסט נעבען פאר דעם עולם שמארקע; אונד אונזער חיים שמערל קומט אהיים, ווען נים מיט א פולע קעסענע, דער־פאר אבער מיט א פולען קאפף.

דיזע סארטען מענשען רופען זיך אן ווינד מענשען, דאס הייסט, זייא לעבען פון ווינד, אונד אויף חסידים־לשון הייסט עס פון רוחניות, ככ׳ קע׳ כען זייא גלייכען צו מלאכים, וועלכע לעבען אויך פון רוחניות. פון רעסט וועגען האט זיך חיים שמערל נערופען: **שטיינבאק דער פאדראדציק אונד זיין ווייב; זלאטע באדאנע דיא פאדראדציכע.**

חיים שמערל זיצט אונד קוקט אין דיא גובערנסקי וויעדאָמאָסטי, זעהט, ווען איז נאַזנאַצעט עפּעס טאָרגעס. זלאַטע באַדאַנע שטעהט ביין שפּיגעל אונד מאַכט איהר טואַלעט.

— נו וואָס ועט זיין חיים ש...ל?—האָט זיא פּלוצלונג א פרעג געטאָן.

— וואָס זאָל זיין, זלאַטע באַדאַ...ע? — ענטפּערט ער אויך מיט א פראגע ניט אראָפּלאָזענדיג זיינע אויגען פון דעם בלאַט צייטונג.

— ער מאַכט זיך, וויא ער וויס ניט. וויא הייסט עס, עַס איז דאָך שוין באלד ווני מאַנאַט.

— איז וואָס?

— א קלאָג איז צו מיר! עס נעהט דאָך שוין באלד דער זומער אוועק.

לאָז ער געהן געזונטער הייט. וואָס האָסטו מורא? דוא וועסט עלטער ווערען? ניסט קשה, איך וועל דיך האָלט האָבען, עלטער ווערענדיג אויך.

— וואָס פאררעדסט דוא מיר דיא ציינער, חיים שמערל?... ער מאַכט זיך וויא ער וויים פון קיין זאך ניט. איך דארף דאָך פאָהרען נאָך אויסלאנד.

— אהא, אָט הייבט זיך שוין אָן. הער צו מיין לעבען,—נעמט ער איהר בע־טען,—לאָז מיך צו רוהע. איך בין ניט אים שטאַנדע. זאי בעסער דער היים, אונד לאָמיר זיך דאָ לעבען, וויא דיא טייבעלאך.

— וויא הייסט עס ניט פאָהרען! וואָס רעדסטו, חיים שמערל? ביזט ביי זינען צו ניין? וועלכער מענש פאָהרט־דאָס ניט זומער נאָך אויסלאנד?

— איך זעה דאכט זיך אללע זומער מאַנס פערזאָנען אונד פּרויענצימער גייען דאָ ארום אויף דיא גאַסען. אז זייא גייען ארום, זיינען זייא דאָך מסתמא ניט אוועק געפאָהרען.

— האָסטו געהערט, צו וועמען ער גלייכט דאָס מיר! קבצנים זיינען בייא איהם אויך מענשען ה ה!... ארום הקדשים רייד איך ניט. איך מיין, קיין רעכטער מענש בלייבט ניט דער היים זומער, ובפרט אז דוא ביזט א פאַבּראַדציק. געהערט, א פאַדראַדציכע זאָל ניט פאָהרען נאָך אויסלאנד. אָט מאַדאַם פינקעלשטערן איז שוין אוועק געפאָהרען נאָך סאַרלסבאד; מאַדאַם אייזענשטיין איז אוועק געפאָהרען נאָך עמס אונד מאַדאַם....

— וואָס גלייכסטו מיך צו זייא? געהערט, זייא שפּראַיען אייזענבאַהנען, שאַ־

סייען אונד איך האב נעכטען אויך נעקראַנגען פון א מאָרג איין אונד צוואנציג קאָפּיקעס.

— איך וויל פון קיין זאך ניט וויסען, חיים שמערל. דוא ביזט א פאדראדציק ביזטו א פאדראדציק אונד א פאדראדציקס ווייב דארף פאָהרען נאך אויסלאנד, אונד א סוף !

— א קיצר, וואס זאל איך מיט דיר טאָן, זלאטע באדאנע ! פאָהר אויף א דאצע.

— אויף א דאצע וועל איך דיר פאָהרען ! וואס נאך וועסטו זאָגען ? א נייער אָבקלער ! אויף דאצעס פאָהרען דאך קבצנים, דוא פערשטעהסט ? ווער עס האָט ניט מיט וואָס צו צאָהלען דירה געלד, נעהמט אוועק אין דאָרף, דינגט דאָרטען א פויערשע שטיבל אונד עסט דאָרטען בערלאָווע ברויט מיט זויער מילך : קיינער זעהט ניט, אונד דער ווייל זאָגט מען, ער וואָהנט אויף א דאציע : ווער עס איז א גרויסער בעל חוב אונד דיא קרעדיטאָרען רייסען איהם דיא יאָהרען, לויפט ער אויף א דאציע אין דאָרף אונד ווערט לייז פון זייא. אָט אזעלכע מיני הקדשים וואָהנען אויף דאציעס ; אָבער א רעכטער מענש פאָהרט נאך אויסלאנד.

— איך מיין, אז אין דיא בעדער פאָהרען נאר קראנקע מענשען. אָבער ניט געזונטע.

— ער מאכט זיך ניט וויסענדיג. אָך אונד וויא איז מיר ! איך ווער שוין גענוג קראנק פון דיר אליין. וואָס דוא צאַפּסט מיר דיא בלוט אונד דוא לאָזט מיך ניט פאָהרען. דער פאר אליין דארף איך פאָהרען, זיך אביסל ערהאָלען ; דאָרטען וועסטו דאך מיר ניט טאָצען מיין לעבען. פון דעסט וועגען פאָהרען אלערלייא : דיא דיקע פאָהרען זיך אָפּצאַפּען שמאלץ, דיא דארע ווערען דאָרטען דיק אונד אזויא געזונטע פאָהרען אויך, וויא דען ? עס פלאַמט מיר פראַסט מיינע אויגען : יעדע פרעגט בייא מיר : ווען וועל איך פאָהרען ? וואוהין וועל איך פאָהרען ? וויא פיעל וועל איך זאמען ? — דעם וואָרט ניט פאָהרען טאָר איך נאָר פון מיין מויל ניט ארויס ריידען. זאָל גאָט אויסהיטען, נאך דעם זומער, אז מען וועט בייא מיר פרעג־נען : וואו בין איך געוועזען ? אונד איך וועל ניט וויסען, וואָס צו ענטפערן, וועל איך זיך דאך דארפען בעגראָבען פון בזיונות ; איך וועל דאך ניט האָבען מיינע אוינען, וואו אהין צו טאָן... איך וועל דאך ניט אויס האלטען... ניין, איך מח פאָהרען עס קען אנדערס ניט זיין, דוא הערסט חיים שמערל ?

— איך בעט דיך זלאטע באדאנע, שלאָג דאָס ארויס פון זינען. איך בין ניט אים שטאנדע; איך קען ניט. איצטער איז גאָר קיין טאָרגעס ניט; מען פערדינט א קאָפּייקע ניט.

— איך וויל פון קיין זאך ניט וויסען, איך מוז פאָהרען. א פאדראדציקס ווייב מוז פאָהרען נאָך אויסלאנד, דוא הערסט?

— איך וועל דיר אָבער קיין געלד ניט געבען.

— קיין געלד וועסטו מיר ניט געבען, אזוי! איך האָב דיר געגעבען א שיינע נדן, דארף איך לעבען א גוטען טאָג אונד ניט ווערען פארחושכט פאר דיין קאָפּף. דוא האָסט געדארפט פריער וויסען, חיים שמערל: נעהמסט נדן, דארפסטו האל־טען דיין ווייב, וויא א פאנענקע, זיא זאָל קענען מיט האלטען דעם שטאט מיט דיא מאָדעס, וויא עס געהערט צו זיין. ווילסטו, דיין ווייב זאָל לעבען איינפאך, האסטו געדארפט נעהמען א מיידעל אָהן נדן; וואָלט זיא דאן ניט האבען קיינע רעכטען פון דיר וואָס צו פערלאנגען. היינט פאר מיין געלד מוז איך לעבען וויא איך וויל אונד וויא מיר פּאסט.

— פון דעסט וועגען וועסטו ניט פאָהרען, זלאטע באדאנע.

— איך וועל יע פאָהרען.

— דוא וועסט ניט פאָהרען.

— נוא מיר וועלען זעהן.

— יע, מיר וועלען זעהן.

מיט דיא רייד האט ער אָנגעצווינגען זיין פּאלטאָ האָט א קלאפּ געטאָן מיט דער טהיר אונד איז ארויס געגאנגען.

דיא אונגליקליכע זלאטע באדאנע האָט זיך ביטער פאנאנדער געוויינט.

## 2.

דעם זעלבען טאָג איז אריין געגאנגען צו מאדאם שטיינבאך מאדאם האָכ־בערג. דיזע איז א רייכע פרויא, זיא חיט אללע זומער צו פאהרען נאָך אויסלאנד, וויא זיא חיט אללע פרייטאָג ליכט צו בענטשען אונד אללע ראש חשנה צוהערען

שופר בלאָזען. זיא וואַכנט אויף דעם זעלבען הויף מיט זלאטע באַדאַנען אונד זייא זיינען גוט אויפגעטראָגען. חאָטש דיא איז רייך אונד דיא אנדערע ניט אזויא, פון דעסט וועגען א פאדראדציכע איז א פאדראדציכע. זיא איז א באַיאהרטע פרויא, שוין איבער פופציג, מיט א לאנגגען נאָז איין אריסטאָקראטישע; מיט קליינינקע וואַנציקעס אריסטאָקראטישע אונד מיט א היפשע וואַלגע איין אריסטאָקראטישע, איז אָנגעצווינען אויף אריסטאָקראטיש.

— הער צו, זלאטע באַדאַנע, — האט זיא אָנגעהויבען אריין נעהענדיג אין שטוב, — ווייז מיר אקאָרסט דיינע קליידער, וואס דוא האסט זיך געמאכט פאַר אויסלאנד. אָן איז בייא מיר דיא שניידערקע; איך וויל איהר ווייזען דעם פאסאָן פון דיינע קליידער. מען איז אפילו פון דיא יונגע יאָהרען ארויס; נאָר וויא זאָגט מען עפעס? א מאָנען האט מען נראָד פון א יונגע הע הע! עס ווילט זיך טראָגען א קלייד העכסט מאָדערנע; מען קוקט דאָך צווישען לייטען.

זלאטע באַדאַנע איז געוואָרען גרין אין דיא אויגען, האט פערקרימט דיא ליפּען אונד געגעבען א ביטערן זיפץ.

— נו ווייז מיר שוין א קלייד. וואס ביזטו עפעס אזוי פערדריסלעך?

זיא ענטפערט ווידער מיט א זיפץ אונד האט צו געלייגט דיא האנד צום הארצען, וויא זיא וואָלט וועלען צו האַלטען, דיא נשמה זאָל בייא איהר ניט ארויס צו זאמען מיט דעם זיפץ.

— וואס טהוט זיך מיט דיר? ביזט ניט געזונד? דיא בעדער וועלען דיך שוין אוים היילען אי״ה.

— איך האב קיין גייעס קלייד, — ענטפערט מאדאם שטיינבאַק מיט א ווייי מוטהינער שטימע אונד דיא אויגען זיינען בייא איהר געוואָרען פייכט.

— שטייטס דוא האסט קיין קלייד ניט פאר אויסלאנד! — האט דיא אלטע אוים געשריען מיט שרעקען, — א גוט יאָהר אויף דיר, וואס רעדסטו? שטייטס קיין קלייד ניט געמאכט זיך! עס הייבט מיר מיין מוח, וויא איך בין א אידישע טאָכ־ טער. גאָט איז מיט דיר! דיא צייט איז דאָך קורץ. אלע זיינען שוין פאנאנדער געפאָהרען, — אויף וואָס ווארטסט דוא?

— מיין חיים שמערל זאָגט איך זאָל ניט פאָהרען.

א שטראָם טרערן איז איהר ארויס בייא דיזע שרעקליכע ווערטער.

— וואס ניט פאהרען!... שטייטס ניט פאָהרען! — פרענט דיא אַלטע מיט ערשטוינען.

— ניט פאהרען נאָך אויסלאַנד.

— נייא שוין גייא, הוא האסט שוין גאָר ניט פון וועמען צו לאַכען? וואָס איז? משוגע איז ער צו חסר דעה דיין חיים שמערל.

— עס איז פאַרט אזוי, ליבע מאדאם.

— טאטע פאָטער! —שרייט מאדאם האָכבערג ברעכענדיג דיא הענד, — א שרעק אויף מיינע נאמנות!... עס חאפט מיר אָן א שוידער, חלעבען! א מאן זאָל זיין אזא טיראַן, אזא גזלן, אזוי פיל מוטשען א וויב!... עס גלויבט זיך מיר נאָר ניט. ער האט דאס געמוזט לאַכען, מסתמא.

— עס איז אָבער פאַרט אזוי, ליבע מאדאם.

— איז וואס זשע רעכענסטו צו טאָן?

— אַז אסור אויב איך ווייס.

— וויא הייסט עס! עס איז דאָך אונמיגליך, דוא זאָלסט דאָ פערבלייבען איבער זומער. דוא וועסט דאָך נאָכדעם ניט קענען דעם נאָז ארויס שטעקען אויפ'ן גאס, א קליינינקייט! מען וועט דאָך דיר פרענען: וואו ביזטו געוועזן? וויא איז דאָרטען? וואס איז דאָרטען? אונד דוא וועסט ניט קענען א מויל עפענען. מען וועט דאָך מיינען אַז דוא ביסט געקומען צו בעטל ברויט, חס ושלום... ניט פאָהרען אין דיא בעדער, דאס איז שוין דיא לעצטע פראָבע, זאָל איך ניט זינדינען מיט דיא רייד.

— אדרבה, גוטינקע מאדאם, גיט איין עצה, ראטעוועט, —האט זיך זלאטע באַדאָנע גענומען בעטען, — איהר זייט דאָך א קלוגע א געניטע... איהר וועט א לעבעדיגע מצוה פערדינען, חלעבען!

דיא אַלטע האט זיך אביסל פערטראַכט אונד זאָגט:

— איך האב איין עצה.

— איהר האט איין עצה, ליבינקע מאדאם? א געזונט אין אייך.

— איין עצה וואויל וויא דיא וועלט, זאָג איך דיר.

— וואס? איהר וועט מיט איהם איבער ריידען, אָט מיט מיין נזקן?

— א פע! איך וועל נעהן מיט איהם ריידען, אָט מיט אזא טיראַן, וואס האט קיין געפיהל, וואס בעהאנדעלט א ווייב וויא א מערדער.... אוראי ניט! איך

בין גלאט אין כעס אויף דיא גאנצע מעשה: חאס איז דאס עפעס פרויען זאלען זיין אבהענגיגנג פון דיא מאנען אונד זייא זאלען ניט קענען טאן וואס זייא ווילען.... קורץ מיין עצה איז, דוא זאלסט אוועק פאהרען אונד גאר.

— גאר אהן זיין דעה?

— געוויס. גאך שבת אי"ה פאר איך, — פאק זיך איין אונד לאמיר פאהרען צוזאמען. אונטער מיין שוטץ ביזטו וויא אונטער איין אייזערנע וואנד.

אבער מיט וואס? איך האב דאך קיין געלד ניט.

— קלייב צו זאממען דיא זילבער, פארזעץ אונד מאך צו געלד, אונד וואס עס וועט פעהלען, וועט מען דיר געבען אויף א וועכסעלע, ניסקשה. אונד דוא וועסט זיין אין אויסלאנד. אונד לאז ער וויסען דער טיראן, אז מיר זיינען אויך מענשען אונד ניט שקלאפען. אהא, אזעלכע מאנען דארף מען ווייזען, ווער עלטער איז. אונד עס איז מעהר ניט שווער דעם ערסטען מאל; נאכדעם וועסטו שוין פאהרען אללע יאהר אי"ה, אונד ער וועט דיר שוין א ווארט ניט ריידען חע, חע, חע!

— דאס איז אפילו גאנץ גוט, — שטימט איין זלאטע באראנע, — אבער ע ע ט...

— וואס אבער?

— אבער מען דארף דאך קומען צוריק. טא מיט וועלכע אויגען וועל איך אריין גערהן אין שטוב?

— ע, ביזט נאך גאר א נארעצקע, חלעבען. זאג מיר, דיין חיים שמערל האט דיך ליב?

— א, ער חלשט נאך מיינע טריט, א שפאס!

— אט ערסט פערשטייא איך, פאר וואס ער לאזט דיך ניט אוועק פון זיך. אלזא וועז ער האט דיך אזוי ליב, האסטו ניט וואס מורא צו האבען. אז דוא וועסט קומען אונד וועסט איהם ווייזען א פרייליכע מינע, וועט ער פערגעסען אויף אלץ. אונד ווייטער דיא צווייא מאנאטען, וואס ער וועט זיין אן דיך, וועט איהם זיין פאר איין אב קומענעס פאר זיינע שלעכטע בעהאנדלונג, זארג ניט פאר דעם קומען צוריק: דוא וועסט זיין בייא איהם א גוטער גאסט, ניסטקשה.

דיא אללע רייד זיינען נעווען פאר זלאטע באראנען צום הארצען. זיא האט נעפאלגט איהר עצה, האט גענומען דיא זילבער, וואס זייא האבען געהאט, האט פערזעצט, האט נאך צו געליינט א וועכסעלע אונד האט געקראגען געלד, וויא פיל זיא דארף נענוג, אונד אם נעכסטען מאנטאג איז זיא אוועקגעפאהרען צו זאממען

מיט מאדאם האכבערג. דאס וואר דעם מארגענס, ווען ער איז געווען אויף א טארג; ער האט זיך ערשט דערוואוסט פון זיין אונגליק פאר נאכט, ווען ער איז געקומען אהיים. נאר שרייא צו נאט! פארפאללען; מען קען נאך דעם פאיעזד ניט נאך לויפען.

3.

נו, געלויבט דער אויבערשטער, אונזער זלאטע באדאנע איז שוין אין אויס־לאנד אויסגעפיהרט האט זיא, א בריה א ווייבעל איז נאר איין אנדער זאך, אונד זיא ווייזט פון זיך א ביישפיל פאר אללע ווייבער, וויא זאללען זיך ניט לאזען פיה־רען פאר'ן נאז פון זייערע טיראנען.

פון דעסטוועגען איז זלאטע באדאנע ניט געווען אזא רשעת וויא חיים שמערל דער טיראן. זיא האט, גלייך וויא זיא איז געקומען אויפ'ן ארט, איהם געשריבען א בריף, מיט ווייכע רייד אונד מיט אביסל ליבעס געפיהלע. ער איז אפילו דאס ניט ווערט, נאר ע! מען דארף זיך מיט איהם ניט איינרייסען. אונד קוק א טשוקאווישץ, ער האט אויף דעם בריף גאר ניט געענטפערט. זיא שרייבט ווייטער א בריף.— אונד ער ענטפערט ווייטער ניט, זלאטע באדאנע איז געווארען אונרוהיג. עס איז שוין פאריבער צוויא וואכען, דרייא וואכען, א מאנאט,— ניטא פון איהם קיין בריף, אקוראט וויא זלאטע באדאנע וואלט קיין מאן ניט געהאט, אונד וויא קיין חיים שמערל וואלט אויף דער וועלט ניט געווען. שלעכט, זיא איז געווארען העכסט אונרוהיג. זיא האט שוין חרטה וואס זיא איז גאר געפאהרען. זיא האט אויסגענא־סען איהר הארץ פאר איהר גוטע פריינדין, מאדאם האכבערג.

— ביזט נאר א נאר,— טרויסטעט איהר דיא אלטע,— מיינסטו, אז ער שרייבט קיין בריף, זאגט ער זיך שוין אפ פון מאנערייא, אודאי ניט! עס א גע־לעבטער, אויף מיינע נאמנות.

— אייך איז גרינג צו זאגען, מאדאם; וויא זאגט מען עפעס? קיינער ווייס ניט, וועמען דער שיך קוועטשט.

— נו, אז דוא ביזט יע אונרוהיג, האב איך פאר דיר איין עצה.

— וואס קענט איהר מיר שוין איצטער העלפען? איך בין אריין אין א גוטע בלאַטע; דער לעבעדינער וויים, וויא איך וועל זיך איצטער ארויס וויקלען.

— ניסטקישה, הער, זלאטע באדאנע, פאָלג מיר: נעהם שרייב אַן א בריף צו איהם, אז דוא ביזט קראנק געוואָרען. דאס מוז העלפען, אונד אויב ניט, האָט ער דיר קיין מאָל ניט געליבט; אונד א מאַן, וואָס ליבט ניט, איז ניט ווערט, אז מען זאָל זיך בעקיממערן וועגען איהם.

— אהא צו ליבט ער מיך! וואס איצטער איז, וויים איך ניט; אבער פריער האט ער געחלשט נאך מיינע טריט.

— נו, זייא רוהיג, דאס וועט געוויס העלפען. איך קען שוין דיא מאנסבילען: זייא קענען זיין אין כעס אויף דער ווייב ווער וויים וויא,—אז זיא ווערט אָבער ניט געזונד, זאָ פערגעסען זייא אויף אלץ אונד ווערען ווייך אונד גוט וויא געווען. פרעג בייא מיר; איך בין שוין געווען אי נאַ קאַניע אי פּאָר קאַניאָם, איך וויים שוין וויא מיט דיא חברה צו האנדלען.

נערעדט אונד געטאַן. זלאטע באדאנע האט זיך געזעטצט אונד האט אָנגעשריבען א בריף צו איהר מאַן, אז זיא איז זעהר קראנק, זיא ליידעט שרעקליך אויף דיא נערוועןֹ, האט קאָפּף שמערצען, לייבשמערצען, א דריקענעס אונטערן הארצען אונד זיא ליגט צו בעטט. אונד שולדיג איז ער, ער האט איהר פערוואונדעט איהר הערץ, פערשאַפט אזוי פיל צער אונד פערדרוס, אונד זיא איז קראנק נאָר דורך איהם.

מאדאם האָכבערג האט פון זיך ווידער געשריבען א בריף צו איהם בעזונדער, אז זיין ווייב זלאטע באדאנע איז געפעהרליך קראנק, טען האט שוין געמאכט א קאָנסיליום אונד געלד נעהט וויא וואסער. הלואי זאָל אויס געהן צו דיא געלד.

מען האָט דיא צווייא בריף אוועק געשיקט אונד אין עטליכע טעג ארום איז געווען טאָקע איין ענטפער. עס איז אָנגעקומען א בריף מיט הונדערט רובל אונד ער שרייבט, אז איהר בריף האט איהם וויא א דונער געטראָפען, ער געהט אויס פון הארצוויי טאָג; ער וואָלט האבען פליגלען, וואלט ער געקומען צו פליהען. שטייט זיין ווייב, זיין קרוין פון זיין קאָפּף איז אזוי קראנק אונד ער קען דער ביי ניט זיין. ער וואלט קומען צו פאָהרען, נאָר יעצט איז דאָ א מאססע טאָרגעס. אָבער ער בעט מאדאם האָכבערג רחמים, זיא זאָל אָנווענדען אללעס, וואס מעגליך איז, זיא זאָל ליינען דעם לעבען, זיא זאָל ניט זאלעווען קיין געלד; אויב מען וועט דארפען

נאָך וועט ער נאָך צו שיקען, נאָר טהוט, רעטעט מיר מיין קרוין פון מיין קאָפּף. אונד מען זאָל איהם גלייך ענטפערן מיט א טעלעגראממע, וואָס זיא מאכט.

זלאטע באדאנע האט געגעבען א שפּרונג פאר פריידע לעזענדיג אזא בריף. זיא לויפט אריין צו מאדאם האָבבערג אין איהר ציממער מיט א פריידענגעשטראהלענעם געזיכט אונד ווייזט איהר דעם בריף. דיא אלטע האט גענומען לעזען אונד זלאטע באדאנע האט גענומען טאנצען איבערן ציממער.

— אהא! — שרייט זיא טאנצענדיג, — איך האב אייך געזאגט, אז ער ליבט מיך, הײנט זעהט, אָט דאס איז געליבט, אָט דאָס איז געליבט!

— אהא, וואס זאָגסטו צו מיין עצה! — שרייט דיא אלטע העכסט פריידיג.

— איהר זייט טאקע א חכמה, א פּקחית! אייערע ווערטער זיינען טאקע צו דרוקען, אויף מיינע אידישע נאמנות.

— שא, משוגענע! רייס מיר ניט אָפּ מיין קלייד, — שרייט דיא אלטע. אין דעם זלאטע באדאנע האט איהר געחאפּט אונטער דיא ארמען אונד האט זיך אוועק געלאָזען מיט איהר טאנצען.

— איהר זייט אזא חכמה, ליבינקע מאדאם, — שרייט באדאנע אימטער אין עקסטאז, — איהר האט מיך געראטעוועט, צווייא מאל געראטעוועט... איך קען ניט אויסהאלטען פאר פריידע.

— איצטער פערשטייסטו מיך, זלאטע באדאנע, — זאגט דיא אלטע, ווען דיא ערסטע איבערראשונג וואר פאָראיבער, — איצטער פערשטעהסטו? ער וועט שוין פערגעסען אויף אלץ מיט איינאנדער; ער וועט זיך נאָך פרייען, אז ער וועט זוכה זיין צו דער זעהן דיין שיינעם פּנים.

— מאקע, דער שכל טראָגט דורך, ווען ניט דער איינפאל, וואָלט געווען זעהר שלעכט; איך וואָלט ניט קענען קומען אהיים, איך וואָלט פאר איהם מיינע אויגען ניט געקענט ווייזען, איך וואָלט האבען אָבגעריסענע יאָהרען צייט לעבען.

— געוויס, — זאָגט ווייטער דיא אלטע, — דוא וואָלסט קיין מאָל א קאָפּף ניט קענען אויפהויבען, ניט קענען א פרייע מוטה ווייזען, זיינע גריזינעס מיט דיא טאָצענעס וואָלט קיין סוף ניט געוועזען. א קליינינקייט, דיא מאנסבילען, ווען זייא פיהלען, אז זייא זיינען אביסל גערעכט, איז דאך מיט זייא ניט אויס צו צאהלען זיך. ווער רעדט פון פאָהרען נאָך אויסלאנד איבער א יאָהר, אָדער אויף א דאציע, אָדער

מאכען זיך א קלייד, אדער אזוי עפעס פערגניגען, — וואלסטו נים מארען א טויל עפענען. אבער איצטער.

— יע אבער איצטער, —האפט איהר אונטער זלאטע באדאנע, —אבער איצ־טער וועט ער זיך שוין בייא מיר בעטען איבער א יאהר איך זאל פאהרען אין דיא בעדער. פאר מיינעם א קרעכטס וועט ער אויס שיטען דעם גאנצען איינענס חא, הא, הא! איך קוועל הא, הא, הא! איך נעדרייא הא, הא, הא!

זלאטע באדאנע האט וויעדער אומגעארמט מאדאם האכבערג אונד האט איהר גענומען קוסען.

— איך האב נאר אייך צו פערדאנקען, —זאגט זיא, —אלל דאס גוטעס האט איהר מיר פערשאפט מיט אייער קלוגען קאפף, איהר שלעפט מיך ארויס פון אזוי פיל צרות אונד איהר פערשאפט מיר אזוי פיל פערגניגען.

זיא אומארמט איהר אונד נעהם מיט איהר א טענצעל פריילֿיך לעבעדיג.

— אט אזוי פייפט מען דאס אן דיא מאנסבילען דיא נארען, דיא גוגמס..

מיר טאנצען, מיר הולען, מיר לאכען אונד יענער פעטעך זיצט דארטען דער היים זיפצעט, אכצעט אונד קרעכצעט הא, הא, הא! איך קייך זיך פון געלעכטער. נו חיים שמערעלע, מיין קרוין! ניב געלד, אכצע אונד זיפצע אונד דיין ווייבעל זיצט דא אונד לעבט א גוטען טאג הא, הא, הא!

---

## 4.

דיעזע נאכט האט זלאטע באדאנע ניט געקענט שלאפען; אין איהר קאפף האבען זיך נעמישט פריידינע געדאנקען, וויא איהר חיים שמערעל ליבט דאס איהר שטערבליך; וויא ער איז יעטצט אזוי אונרוהיג וועגען איהר; וויא ער פער־צייהט איהר אללעס, וואס זיא האט געטאן; וואס פאר א פריידע עס וועט דאס זיין, ווען זייא וועלען זיך וויעדער זעהען; וויא זיא וועט האבען פון איהם דיא פריינדליכסטע בעהאנדלונג; וויא ער וועט אימער זוכען, איהר פערגניגען צו פערשאפפען; וויא ער וועט איהר קויפען נייע קליידער און צירונג; וויא ער וועט מאכען א באל, ווען זיא וועט קומען צו פאהרען; וויא ער וועט ערציהלען: פאר

אללע נעסט דיא געשיכטע פון איהר אוועק פאהרען און וויא ער וועט איהר נאקאזען דער פאר מיט א חיסען קוס פאר אללעמען אין דיא אויגען, און וויא אללע וועלען זיך פאנאנדער לאכען פון אזא מין נאקאזאניע. יע און וויא זיא וועט נאך שפילען דיא ראָלע פון א קראנקע א שוואכליכע, וועט זיך דאדורך זיינע צארטליכקייט צו איהר פערגרעסערן. איין מאל זיא איז גליקליך איבער גליקליך.

אזוי לינענדיג אפען בעט און טראכטענדיג, איז איהר איינגעפאללען אין קאָפּ א גליקליכער געדאנקען. זיא האט א שפרונג געטאָן פון בעט און האט גלייך געוועלט אריין לויפען צו איהרע פריינדין, מאדאם האכבערג, איהר איבער צו געבען איהרען גליקליכען געדאנקען. עס וואר אבער נאָך פינסטער, בייא דער נאכט, און מען קען דאך איהר נים שטערן פון שלאָף. זלאטע באדאנע איז אָבער אויסער זיך פון דעם איינפאלל. זיא לאכט הויך פאר זיך אלליין און האָט זיך אויסגעטאנצט אין דער פינסטער פון דער גליקליכע אידעע. זיא ווארט מיט דער גרעסטער אונגעדולד, עס זאל שוין ווערען טאָג. אָבער דער טאָג קומט נאָך נים; דיא וואנד אוהר קוים וואָס זיא נעהט, קוים וואָס זיא ריהרט זיך; יעדע מינוט איז איהר א יאהר. זיא וואָלט שוין גערען זעהען איהרע אלטע פריינדין, ריידען מיט איהר און איהר איבער געבען איהרע געדאנקען. זיא לייגט זיך וויעדער אין בעט, מאכט צו דיא אויגען, וויל איינשלאָפען; אָבער דער גליקליכער איינפאלל לאָזט איהר נים שלאָפען. זיא קעהרט זיך אויף איין זייט, אויף דיא אנדערע, — עס שלאָפט זיך נים; עס מישט זיך איהר דער מוח פאר פריידע. זיא לאכט קייכט זיך אונטער דער דעקקע פון דעם רעזולטאט פון דיעזעם איינפאלל.

נו נאָטט זייא דאנק, עס איז געוואָרען טאָג, עס האָט געשלאָגען זעקס, זיבען, אכט אוהר, מאדאם האכבערג איז אויפגעשטאנען פון שלאָף. זלאטע באַדאנע איז אריין געלאָפען צו איהר אין צימטער.

— הערט ליבע מאדאם, — זאָגט זיא האסטיג, אויסער זיך פון ענטציקען, — מיר איז איינגעפאללען א געדאנקען.

— עפעס א פריילִיכער? פרעגט דיא אלטע.

— שייך פריילִיך! פרייליך — פרייליך נים גלייך!

— נו לאָם איך הערען.

— דאס איז איין איינפאלל, זאָג איך אייך, דיא וועלט אוים!

— נו זאָג שוין א מאל.

— הערט ע ע ע....

— איך רייד שוין, — שרייט יענע מיט אונגעדולד.

— מיר איז איינגעפאללען. מען זאָלל שרייבען צו מיין גולם...

— צו וואָסער גולם?

— אך, אָט צו מיין חיים שמערלען....

— נו וואס זאָל מען איהם שרייבען?

— איהם שרייבען, אז ע ע ע... חלעבען, מיר איז דאָס שווער ארויס צו ריידען.

— אָ, איך האלט ניט אויס פון אונגעדולד. נו וואָס שרייבען?

— אז איך בין געשטאָרבען.

— הא! ניט דיא אלטע א געשרייא, האט פערשטעלט דיא אויגען אונד האט זיך פערטראכט.

נו וואָס זאָגט איהר מאדאם?

— וואס מיינסטו דער מיט, זלאטע באראנע?

— איהם אביסל איבער שרעקען. אונד נאָכדעם זעהן, וואָס פאר א מינע ער וועט מאכען, ווען איך וועל פּלוצלינג ארויף קומען.

— יע, עס איז ניט קרום,—איז דיא אלטע מסכים,—דאס איז איין איינפאל, חלעבען! וואויל אויף מיין וואָרט!... א גוטער גלייכוווערטל.

— איהר פערשטעהט? ער וועט זיטצען פארצאָגט אונד פארקלאָגט, מיט א פערקלעמטע הארץ, וואס ער האט מיר געמאכט אזוי פיעל יסורים, וואס ער האט מיך קראנק געמאכט אונד וואס איך בין געשטאָרבען דורך איהם, — מיט א מאָל קום איך ארויף פּלוצלינג א פרישע א לעבעדינע.

— יע,—ענדינט דיא אלטע, — ער וועט זיך פון אָנפאנג דער שרעקען, נאָכדעם וועט ווערען א פריידע אין היממעל אריין, יע, וואויל, עס געפעלט מיר זעהר דער פּלאן. מען דארף דאס טאן. דאס איז א חכמה, אויף מיינע אידישע נאמנות. זעהסטו, דוא ביזט דאָך נאָר קיין נאר ניט חלעבען.

זלאטע באראנע שמייכעלט אונד נעדרייעט, אז אזא גרויסע חכמה, מאדאם. האט איהר געקרוינט מיט דעם נאָמען קלוגע.

— אין וויא מאכט מען דאס?

— איך זאל איהם אליין שרייבען, אז איך בין נעשטא־

— ניין,—זאָגט דיא אַלטע,—דוקא אליין שרייבען.

זלאטע באדאנע קוקט איהר אָן מיט פערוואונדערונג, צו זיא איז משוגע גע־וואָרען צו זיא לאַכט פון איהר.

— הער מיך אקאָרסט אויס,—זאָגט ווייטער דיא אַלטע אימטער פערטראכ־טער הייט, — דוא שרייב, אז דוא האסט נעקראָנגען א שרעקליכעס הארצקלאַפּען, אונד דער דאָקטאָר האט דיר אָבגעזאָגט, דוא פערשטעהסט? אַלזאָ הייסט עס, נעזעגענסט דוא זיך דאס מיט איהם. שרייב איהם אויך, אז דוא פערציייהסט איהם פאר אללעס, וואס ער האט דיר געטאָן, וויא דיא מאָדע איז אין אזעלכע בריפע. דוא וואלסט זיך וועלען מיט איהם זעהן פאר דיינע לעצטע סעקונדען; נאָר ער וועט דיך שוין מעהר ניט געפינען, וויא דוא פיהלסט זיך היינט אונד וויא דיא דאָקטוירים זאָגען. שרייבען זאָלסטו, זלאטע באדאנע, מיט א ציטערנדע האנד.

— וויא זאל איך מאכען מיין האנד זאָל ציטטערן? פרעגט זיא.

— דוא ביזט נאָך נאָר א קינד, חלעבען. דוא טרינק אויס א גלאָז וויין שטארקע, אָדער נאָר בראנפען, — אָט ווערסטו שכור אונד דיא האנד וועט בייא דיר ציטטערן.

— גוט וואויל בנאמנות! אָבער טאָמער, וויא ער וועט ערהאלטען דעם בריף, קומט ער גלייך צו פאָהרען אונד וועט מיך געפינען נאָר עססענדיג מיטטאָג.

— דארויף איז דאָ נאָך איין עצה.

— עפעס אייער קאָפּף איז פול מיט איינפאלען, א גרויל! איהר וואלט גע־לערנט גמרא, וואָלט איהר געווען אודאי א רב.

דיא אַלטע האט א שמייכעל געטאָן אויף דיזען קאָמפּלימענט אונד זאָגט ווייטער: דוא שיק היינט אוועק דעם בריף אונד מאָרגען אין דער פריה לייג איך א טעלעגראַממע פון זיך, אז דוא ביזט שוין געשטאָרבען. דוא פערשטעהסט? ווען דיין בריף וועט קומען, וועט ער שוין פריער וויסען פון דער טעלעגראממע. אז עס וועט שוין זיין נאָך אללעמען, וואס וועט ער קומען אחער? אונד נאכדעם וועל איך איהם ערשט שרייבען א בריף פאָדראָבנע פון דער קראנקהייט אונד פון שטארבען,

חע, חע? ער וועט דארטען וויינען אונד פלאָנען אונד מיר וועלען דאָ לאַכען. אונד ערשט שפּעטער שטעהט אונז פאָר א גאַנצע קאָמעדיע. איך פאַל שוין פון געלעכ־טער, וואס יעמאַלט וועט זיך אָבטאָן חא, חא, חא! חע, חע, חע!

— פון דעסט וועגען. — רופט זיך אָפּ זלאַטע באַדאַנע, — א רחמנות, חלעבען, אויף איהם. ער וועט האבען אזוי פיל הארצווייטאָג.

— א שיינע ריינע כפּרה! — זאָגט דיא אלטע. — עס קומט זייא דיא מאַנסבילין, זייא דזעקעווען זיך איבער אונז, וויא זייא ווילען. אָט וועלען מיר זייא וויזען, ווער עלטער איז. אז מיר טוען אָפּ א שפּיציל, איז מאקע אָפּגעטאָן.... ער וועט האבען טרערין מיט הארץ קלעמענעס, עס וועט איהם קלעקען, ניסטקשה, עס קומט איהם דעם יונג!... עס איז מיר נעפעללען, ער וויל נים, דיא ווייב זאל פאַהרען אין דיא בעדער; ער וויל נים, דיא ווייב זאל האבען אביסל פערגנינגען; דיא ווייב מוז יעדע זאַך פרעגען, וואס צו טאָן, זיא מוז פאר יעדע זאַך ציטטערן. איצטער קריינק, ווייטיינ, קלאָגן, זיסינסער מאַנעלע אונד ערשט איז ניטאָ קיין ווייב. ער מוז אָפּקומען פאר זיינע זינד, דער טיראַן אונד עס וועט זיין א לעהרע פאר אנדערע מאַנסבילען, זייא זאָללען אקאָרשט היטען דעם אויער, וויא מיט א ווייב זיך צו בענעהן. א, מען דאַרף מיט זייא לערנען בלק מיט א שטיינער... מען דאַרף זייא אָנרייבען א נאָז חא חא חא!

— איך שטעל זיך פאָר, — בעדויערט ווייטער זלאַטע באַדאַנע, וועלכע האט נים געקענט איינרוהען פון פערדרוס, — איך שטעל זיך פאָר, וואס פאר א דונער שלאָג עס וועט זיין פאר איהם אזא נאַכריכט; עס רייסט מיך פראָסט פאר'ן חארצען.

— ניסטקשה, עס קומט, עס קומט איהם... זעהר רעכט. אבער שטעל זיך פאָר דיא פריידע, בשעת דוא וועסט ארויף קומען פּלוצלונג. דאס וועט זיין א קאָ־מעדיע דיא וועלט אוים, חא, חא, חא?

זייא האבען אָפּגעוואָרט נאָך א וואָך צייט, אום פאר דיא פערמיינטע קראַנקע צו לאזען מעהר צייט צו קריינקען, אום דעם שפּיל מעהר וואהרשיינליכ־קיים צו געבען. דאן האט זלאַטע באַדאַנע אָנגעשריבען דעם בריף, וויא איהרע

קלוגע פריינדין האט איהר די אינשטרוקציאָן געגעבען אונד זיא האט דעם בריף אוועקגעשיקט. אויף מאָרגען האט מאדאם האָכבערג מאקע געלייגט א טעלעגראממע אונד האט אונטער געשטעלט איהר נאָמען אונד אויך אום זיכער צו גלויבען, דעם נאָמען פון דעם גאסט ווירטה; זיא האט נאך אויך צו געשיקט א בריף אונד בעשריבען איהר גאנצע קראנקהייט, וועלכע ערצטע זיינען געגאנגען אונד וועלכע מעדיצין מען האט געגעבען... קורץ אללע אותות ומופתים, אז ער וואָלט אפילו געווען דער גרעסטער שוטה, האט ער אויך געדאַרפט גלויבען.

דען דיא וועלט זאָגט, אז דיא בעסטע חכמה איז, מען זאל אלץ גלויבען, נים קלערן איבערן קאָפּ אונד האבען א רוהיגעס הערץ. אונד מאדאם האָכבערג האט טאקע אזוי אונטער געפיהרט אז חיים שמערל האט געמוזט גלויבען אונד ער האט געגלויבט.

זייא האבען גערעכענט צו פאָהרען אהיים אין עטליכע טעג ארום; נאָר עס איז געקומען צו פאהרען דער מאדאמס א פריינדין וואס צו ליב איהר האט זיא געמוזט דאָרטען נאָך לענגער פערבלייבען.

זייא זיינען דאָרטען פערבליבען נאך עטליכע וואָכען.

אין דיזער צייט האט דיא אלטע בעקומען פון דעם אלמן חיים שמערל א פּאָר בריף, אין וועלכע ער האט ביטטעריליך בעוויינט זיין גרויסען אונגליק, האט נאָכגעפרעגט מאנכע געגויאיגקייטען פון זיין ווייבס קראָנקהייט אונד האט איהר געבעטען, אז זיא וועט קומען אהיים, זאָל זיא מיט ברייגגען איהרע זאכען אין גאנצען; דאס וועט איהם זיין א טייערעס אָנדענקען אין זיינע אמאָלינע צייטען.

אז עס איז אָנגעקומען דער ערשטער בריף אונד זלאטע באדאַנע האט איהם איבער געלעזען, גיט זיא א געשרייא אין גרויס פערוואונדערונג.

— שטייטס, וואס איז דאס!

— וואס איז?—פרעגט דיא אלטע,—וואס פעהלט דיר?

— שטייטס, צו מיר גאָר קיין גירוס ניטאָ!... געהערט!

— אך דוא שוטה,—זאָגט דיא אלטע מיט א שמייכיל, — ווי געסען, אז דוא ביזט געשטאָרבען?

— אי, אמת, — זאגט, — זלאטע בּאראַנע, מיר איז נאָר פון מיין זינען ארויס, חלעבען! איך האב נאָר פּערנעסען, אז איך בּין געשטאָרבּען חע, חע, חע!

עס איז פּאַראיבער געלאָפּען דיא דרייא וואָכען אונד זייא זיינען ענדליך ארויס געפּאָתרען.

5.

דיא גאנצע וועג זיטצענדיג אין וואַגאָן האבען דיאביידע פרויען איטמער גערעדט פון דער פריידע, וועלכע עס ערוואַרטעט זייא. דאָס איז אזא מין לוסט שפּיל, וואס קיין פרויא האט נאָך ניט אָבגעשפּילט מיט איהר מאן. מען וועט פאנאנדער טראָגן איבּער גאנץ שטאדט דיא געשיכטע אונד אללע וועלען בעוואונ־דערין דיא קלוגהייט אונד דיא שארפזיניגקייט פון דיזע צווייא פרויען.

ענדליך זיינען זייא אָנגעפאָהרען מיט גליק אין דער שטאדט מ' וואו זייא האבען געוואהנט. זייא האבען זייער בּאגאזש ניט מיט גענומען, אום ניט צו פער־בּריינגען צו פיל צייט; דען זייא האבען זיך זעהר געאייקט צו דער פריידיגע סצענע, וועלכע ערוואַרטעט זייא. — עס וואר פון אָבענד.

זייא האבען גענומען איין איזוואָזשציק, האבען זיך אוועק געזעצט אונד האָבען געהייסען טרייבּען דעם פערד וואָס גיכער.

— איך ווייס אליין ניט, — זאָגט זלאטע בּאראַנע זיטצענדיג אויף דער דראָשקע צו מאדאם האָכבּערג, — איך ווייס אליין ניט, עפּעס ציטערט מיר איבּער מיין לייב. ווער ווייסט וואס מיין חיים שמערל מאכט געבּעך. ער זיצט איצטער געווים אונד קלאָגט.... ער איז געבּעך אוראי קראַנק געוואָרען, א קליינינקייט, אז מען ווערט אָן א ווייב, וואָס מען האָט אַזוי ליב אונד ערסט דרייא יאָהר נאָך אונזער חתונת. עס מוז איהם געבּעך קלעקען, אָ, מיין ליבּינקער! אויב איך וועל איהם געפינען

קראנק, וועל איך אודאי ניט אויסהאלטען, אז איך האב איהם פערשאפט אזוי פיל צרות. איך האב איהם געמאכט א ביטערן גלייכוועךטיל; מיר פערדריסט חלעבען.

— קוק נאר מעהר ניט,—ערגערט זיך דיא אלטע, זעה נאר, וויא זיא האט דאס רחמנות אויף איהם. דוא האסט שוין גאר פערגעסען אויף אללע צרות, וואס דוא ביזט אויסגעשטאנען פון איהם. ווייניג האט ער דיך געמוטשעט? ווייניג האט ער דיך געפייניגט? דוא האסט דאך ניט געקענט א טריט טאן אהן זיין ידיעה.... דוא האסט דאך ניט געקענט דעם אטהעם אפחאפען אהן זיין ידיעה, עס קומט זייא דיא נזלנים, וואס דזעקעווען אונז ווייבערלאך אהן רחמנות.

— אבער איך ליב איהם אזוי, עס טהוט מיר אזוי וויא מיין הארץ פאר איהם,—זאגט זלאטע באדאנע, וועלכע האט זיך נאך געקענט בערוהיגען.

— נו, באלד וועסטו איהם זעהן. באלד וועסטו איהם מחיה זיין. וויא ער וועט דיך דערזעהן, וועט ער נייא געבארען ווערען.

— פון דעסט וועגען פערדריסט מיך, וואס איך האב דאס געטאן.

— אזוי דיר פערדריסט! דוא האסט פערגעסען, זלאטע באדאנע, אז דוא וואלסט ניט געקענט קומען אהיים אט איצטער? מיט וועלכע אויגען וואלסטו אריין געהן אין שטוב נאכדעם, אז דוא האסט אבגעטאן אזוי איין אקט: אוועק געפאהרען אהן זיין ידיעה אונד איהם אויס געבראכט אזוי פיל געלד. דוא וואלסט דאך געווען אונגליקליך צייט לעבען.

— יע עס איז טאקע אמת, מאדאם.

— אבער היינט, דיא פריידע, וואס ער וועט דיך דער זעהן נייא אויפגעלעבט; דיא פריידע, וואס עס האט זיך צו איהם צו ריק געקעהרט זיין גליק, וועט פער־לעשען דעם גאנצען כעס, וואס ער האט אויף דיר; וועט איהם מאכען פערגעסען אללע שאדען, וואס ער האט געהאט דורך דיך אונד עס וועט מאכען אין זיין הארצען אויפשפראצען נייע געפיהלע צו דיר; עס וועט אין איהם אויפלעבען דיא אלטע ליבע. ער וועט אללע מאל מיט פריידען ערפיללען אללע דיינע ווינשע אונד עס וועט דיר פעהלען פאר איהם מעהר ניט וויא פייגעל מילך. א קליינינקייט, אז

טען דער זעהט א טענשען, וועלכער איז פון טויט לעבענדיג געווארען, ובפרט נאך א ווייב.

— איהר זייט מאקע נערעכט, ליבע מאדאם.

— צו בין איך גערעכט, א פראגע דאס איז!

— מאקע פריער דער אויבערשטער אונד נאך דעם איהר, ליבע מאדאם; ווען ניט איהר, מיינע טייערע, וואלט איך ווער ווייסט וואס.

— ווארט אקארסט באדאנקינקע! נאך א פערטיל שעה... נאך א האלב שעה וועסטו מיר שוין דאנקען פאר אללע מיינע עצות, וואס איך האב דיר נעגעבען, און די איצטינגע שמחה, וואס עס וועט ווערען באלד ביי דיר אין שטוב, איז ווערט אלץ אין דער וועלט.

אזוי ריידענדיג פאהרען זייא אוממער ווייטער אונד קוממען נעהנטער צו דער שטאדט, וועלכע איז ווייט פון דעם וואגזאל. זייא פאהרען איבער דעם שאסיי וואס שנייט דורך דיא פעלדער אונד דיא גערטנער פון אויסען שטאדט; זייא פאהרען אריבער דעם בריק, זייא זיינען שוין אריין אין דעם פארשטאדט; פאהרע פאר ביי דיא קליינע הייזלעך, זיינען ארויף אויף דעם מארק אונד פון דארטען האבען זייא זיך א קעהר געטאן אין דיא גרויסע גאס פאר ביי דעם סאבאר.

וואס מעהר זייא קוממען נעהענטער צו איהר וואהנונג מעהר האט איהר נענומען קלאפפען דאס הארץ.

זיא איז אבער זעהר אונגעדולדיג. דיא רייזע פון דעם וואגזאל ביז צום שטאדט שיינט איהר היינט לייננער וויא אללע מאל.

— אך, ערגערט זיך זלאטע באדאנע, — וויא דער וועג פון וואגזאל שיינט מיר היינט אזוי לאנג.... קוים וואס דער פערדל געהט, קוים וואס ער שלעפט זיך.... עפעס יעדע מינוט איז פאר מיר א יאהר, אז מיין היים שמערל וואלט דאס וויסען, אז זיין ווייב פאהרט דאס איצטער צו איהם! עס מוז איהם זאגען דאס

תארץ.... עס מח איהם עפעס ציהען, ציהען אונד ער וויים נים וואס. וואס זאגט איהר, מאדאם? עס זאגט מאקע דאס הארץ?

— נעוויס, מען זאגט דאך, אז דאס הארץ איז א נביא.

— וואס קען זיך דאס איהם איצטער אבראבכטען?

— דוא וועסט באלד בייא איהם פרעגען, וועט ער דיר שוין זאגען.

— אך, וויא איך וואלט שוין נערן איהם דער זעהן! וויא וועלען מיר איהם איצטער נעפינען זיצענדיג שבעה?

— נאך וועמען?—פרעגט דיא אלטע צערשטרייט.

— נאך מיר, איהר האט פערגעסען, אז איך בין נעשטארבען?

— א יע אמת! אבער ער איז שוין לאנג אבגעזעסען שבעה.

— מאקע, מאקע! איך האב נאר פערגעסען, אז עס איז שוין עטליכע וואכען, וויא איך בין נעשטארבען, חע, חע, חע!

ענדליך זיינען זייא אנגעפאהרען.

6.

זייא האבען נעהייסען דעם איזוואשציק זיך אבשטעלען עטליכע הייזער פאר זייער וואהנונג, אום עס זאל זיך אין שטוב נאר נישט הערען אונד זייא זאללען אריין קומען פלוצלונג.

— איך מיין, איך וועל אריין נעהן אין שטוב פריער,—זאגט דיא אלטע.

— ניין, זאגט זלאטע בארדאנע,—איך וויל זעהן זיין מינע, וויא ער וועט מיך פלוצלונג דער זעהן.

— אלזא וועלען מיר אריין נעהן דורך דער הינטער טהיר שטילער הייט.

זייא נעהען צו צום הויז פון זייער קוואטיר, שטעלען זיך אב נעבען דיא לאדען. עס זעהט זיך, אז אינוויינינג איז עפעס זעהר ליכטיג. זייא זיינען נעבליבען שטעהן

פערוואתדערט: אז עס איז ליכטיג אין שטוב, איז ליכטיג אויפ'ן הארצען, זאגט א שפריכווארט; אונד אז עס איז ליכטיג אויפ'ן הארצען, איז מען דאך גאנץ פריי־ליך,—הייגט וויא קען מען פריילין זיין, אז א ווייב איז געשטארבען?

עס הערט זיך א געלעכטער פון אינווייניג אונד זעהר א חילבינער אתד א פרייליכער אויך,—וואס קען דאס זיין? בייא חיים שמערלען דעם אלמן זאל איצטער זיין פריילין? עס האט זיך זייא מסתמא אפגערוכט. עס הערט זיך נאך אמאל א געלעכטער אונד עס הערט זיך דייטליך חיים שמערל'ס שטימטע, א שוידער איז איהר דורך געלאפען אללע גלידער; דיא האר האט זיך איהר געשטעלט קאפויר.

— ניט שוין זאל ער דארטען זיך פריילין מאכען מיט לוסטיגע געזעל־שאפט?

— עט,—בערוהיגט איהר דיא אלטע,—וויא קען דאס זיין?

— מא וואס דען איז דאס?

— איך קלער נאר איין אנדער זאך.

— וואס?—פרעגט זלאטע בארגע מיט א פארשטיקטער שטימטע.

— איך קלער.. נאר איך וויל אזוי ווייט ניט ריידען.

— רעדט, זאגט, מארט! איך פיהל מיין הארץ האט זיך אין מיר אפגע־ריסען.

— איך קלער.... בייא אזוי איין אונגליק... בייא אזא צרה... א קליינינקייט וואס עס קען טרעפען.

— נו רעדט שוין.

— איך האב מורא; צו איז ער אקארסט ניט אראפ פון זינען. אז מען איז געשטערט, וויינט מען, לאכט מען גלאט אין דער וועלט אריין. אוי ווייא, בייא אזוי איין אונגליק קען מען אלץ גלויבען.

דיזע בעהויפטונג האט זלאטע באדאנען עטוואס בערוהיגט. בעסער זאל איהם דער צער אזויא ווייט ברייגגען, איידער ער זאל פריילין זיין נאך איהר שטארבען. נאך דעם האט זיא זיך א חאפ געטאן צוריק: אויב ער איז משוגע...

אוי וויא! שטייטס האָבען א מאַן אַ משונענעם. זיא האָט זיך גענומען ברעכען דיא הענד.

מיט אַ קלאַפּענדעם הערצען זיינען זייא צו געגאַנגען צום טהיר, האָבען לייזע געעפענט אונד זיינען געבליבען שטעהן א ווייַלע. זייא געהען דורך דיא קיכע. דיא הויז מיידעל איז דאָרטען ניט געוועזען. זייא געהען דורך דעם קאָררידאָר, זיינען געקוממען צום צימממער, פון וואַנען עס האָט זיך געהערט דיא שטיממען. דיא טהיר פון דעם צימממער שטעהט האַלב אָפֿען. זייא געהען צו, עפענען — זייא זיינען געבליבען שטעהן, וויא פערשטיינערט; זייא קענען אַ טראָט ניט געבען, ניט אהין, ניט צוריק.

זייא זעהען, אין דיזעס צימער שטעהט אַ גרויסער טיש; ארום זיצען געסט הערען אונד דאַמען, אללע שיין געקליידעט, מונטער אונד פריילין. אויף דעם טיש איז אָנגעשטעלט בוטלען אונד גלעזער מיט אַללערלייא צו בייסען. אויבען אָן ויצט חיים שמערל אויס געפּוצט, נעבען איהם א פריילין שיין אונד רעכט פריילין. ער האַלט זיין האַנד אויף איהרע שולטערן, קוקט איהר מילד אין דיא אויגען; זיא שמייכעלט איהם ענטגעגען אונד עס זעהט גאָר ניט אויס, אז ער טראַכט וועגען אַ ווייב, וואָס איז געשטאָרבען,

וויא זלאַטע באַראַנע האָט דאָס דערזעהן האָט זיא אויס געשריען מיט אַ האַרצרייסענדע שטיממע אונד האָט גענומען וואַנקען אויף איהרע פיס. מאַדאַם האָבערנ איז געוואָרען בלייך וויא א ליינוואַנד.

אַללע אַנוועזענדע האָבען זיך א האַפּ געטאָן, זיינען אויפגעשפּרונגען פון עס, חיים שמערל האָט אַ קוק געטאָן אונד ניט אַ געשרייא:

– זלאַטע באַראַנע.... דוא!.... האַ!

עס איז געוואָרען אַ לעבעדיגע קאַרטינע, וועלכע האָט געדויערט איינינע סעקונדען. חיים שמערל האַלט זיך פאַרן קאָפּף, דאָס פריילין געבען איהם ברעכט דיא הענד אונד אַללע געסט קוקען מיט שטאַררע אויגען אונד מיט אָפענע מיילער.

דיא וועלכע האָבען איהר ניט געקענט, זיינען געבליבען וויא צו מישטע אתר

האָבען ניט נעוואוסט, וואס דאָ איז; דיא וועלכע האבען איהר נעקענט, האָט זייא אָנגעחאפּט א טויט שרעקענעס, — עס איז עפּעס א קליינינקייט אזא שרעקליכע נעשיכטע.

נאָר וויא קיין זאַך איז ניטאָ בעשטענדינעס אויף דער וועלט, אזוי איז דער שרעקען מיט דער איבעררעאשונג אויך נעוואָרען שוואכער אונד שוואכער, ביז זייא האָבען אָנגעהויבען צו קומען צו זיך.

— וואָס טהוט זיך דאָ ?—האָט אָנגעהויבען פריער חיים שמערל.

— דוא זעהסט דאָך, — ענטפערט דיא אַלטע, — דיין זלאטע באדאנע איז נעקומען.

— וויא הייסט עס! וויא!

— וואָס איז דער וואונדער? זיא איז נעוועזען קראַנק, איצטער איז זיא נעזונד נעוואָרען.

— איך האָב דאָך אייער טעלעגראַממע מיט אייער אונטערשריפט אונד מיט דער אונטערשריפט פון אייער גאסט ווירטה אונד מיט נאָך א בריף פון אייך, אז זיא איז נעשטאָרבען.

— פּטור, דאס האָבען מיר נעמאכט א גלייכווערטל.

— א שיינער גלייכווערטל! דורך דיזען גלייכווערטל האב איך נענומען א ווייב.

— א ווייב!! ניט זלאטע באדאנע א נעשרייא מיט א הערצרייסענדע שטימע.

— יע, יע! אָט דאָס איז זיא.—זאָגט ער ווייזענדיג אויף דיא, וועלכע איז איהם נעזעסען צו דער רעכטער האנד. — פאַרגעסטערן איז געוועזען אונזער חופּה אונד היינט איז דאָס בייא מיר איין אבענד פּאר גוטע פריינד. נעהם זעטץ זיך זלאטע באדאנע, בערוהיג זיך, נעהם א ביסל וויין אונד בייס צוא. כּיסטמסשה, נאָט איז א גוטער; ער וועט דיר אי״ה צו שיקען דיין בעסטרטען. ביזט נאָך א גאנץ שיינע ווייבעל חלעבען.—אונד דוא, פיינעלע מיין ווייב,—זאָגט ער צו זיין נייע ווייבל,—זייא רוהיג אונד קלעם זיך ניט; ניט דוא ביזט שולדיג. ניט איך בין שולדיג. ווער עס איז שולדיג יענער ליידעט.

וואָס האסטו זיך נעהיילט, חיים שמערל? — פרעגט דיא מאדאם האָכבערג העכסט אויפגעבראכט פון כעס.—וואס פאר א היילינעס איז אויף דיר נעוועזען... וואָס האסטו ניט נעקענט ווארטען?

— וויא הייסט עס ווארטען ?... אויף וואס האב איך דאס געזאָלט ווארטען ? דינד איך לעב האב איך נאך קיין מאָל ניט געזעהן אונד ניט געהערט, אז א גע־שטארבענע ווייב זאָל קומען פון יענער וועלט. אז עס וואָלט זיך יע טרעפען, וואָלט איך געוויס געווארט, דאס פאר שטייט מען דאך... אונד ווייטער ווארטען אויף יענע תחית המתים, פערשטעהט איהר דאך אליין, אז דאס איז צו לאנג פאר מיר.

— א קיצור, אז עס איז שוין אזוי, — זאָגט דיא אלטע, — טא וואס זאָל מען טאָן ? מאָרגען גאנץ פריה זאָלסטו אוועק געהן צום רב אונד אָב גטן....

— וועמען ?

— אָט דיא יונגע ווייבעל, עס פערשטעהט זיך.

עט, אז עס איז שוין אזוי, טאָ לאָז שוין אזוי. דיזע וויל ניט קיין בעדער, קיין מאָדעס, קיין צירונג אונד קיינע אנדערע שווארצע יאָהרען. איך האב טאקע געפאָלגט דיין עצה : זיא האט געזאָגט, אז מען געהמט נדן, מוז מען דיא ווייב געבען אלכערלייא פערגניגען, זאָ האב איך טאקע דיזע גענומען גאר אָהן נדן, וועט זיא פון מיר נישט פערלאנגען אונד זיא וועט מיר ניט פערביטערן מיין לעבען.

מיט דיא רייד האט ער זיך געשטעלט, האט גענומען זיין יונגע ווייבעל געארמט אונד איז מיט איהר ארויס געגאנגען פון שטוב ; נאך זייא זיינען נאָכ־געגאנגען דיא איבריגע געסט אונד דאָ האט ער געלאָזען זלאטע באדאנאן מיט מאדאם האָבבערג, זייא זאָלען זיך קוסען אָדער רייסען, וויינען אונד ערגערן זיך, וויא פיל זייער הארץ געלוסט. ער האט זייא ניט געוואָלט שטערן.

זייא זיינען אלע אוועק צו דיא עלטערן פון דער יונגער ווייבעל.

אונד וויא באלד אז א איד טאָר דאך ניט האבען צוויא ווייבער, זאָ האט ער אויף מאָרגען אָבגענגמ דיא געשטארבענע ; דען האבען א ווייב א געשטארבענע האט קיין שום זינן ניט. דער פאר אבער אויף איבער א יאָהר זומער האט זלאטע באדאנע געקענט פאהרען אין דיא בעדער אוּן געשטערטער הייט. געלויבט איז נאט ! פטור געוואָרען פון דעם גזלן, פון דעם רצוח אונד איהר איז פרייא צו טאָן וואס זיא וויל.

**ענדע**

## פריילין ראָזענפעלד

### 1.

איך קען דיר ניט פערלייגנען, מיין ליבער לעזער, און איך מוז דיר אנזאגען דיא טרויעריגע בשורה, אז הער גבריאל ראזענפעלד איז פאר א מאנאט צוריק גע־שטאָרבען. נאר פון דעסטוועגען גרעם זיך ניט, מיין ליבער לעזער, און נעהם זיך ניט דאס לעבען פון הארצווייטאג; קיין פיל יתומים זיינען פון איהם ניט געבליבען איין איינציגע טאכטער א פריילין, אבער ניט ארעם ח"ו; מען זאגט, אז איהר איז געבלי־בען א פערמעגען פון פיפציג טויזענד רובל. אלזא איז דאָך שוין ווייטער גוט, הא? איז דאַ אָבער פראַגען איין אנדער צרה, אזא מין צרה אז קיין גאטספארכטיגע אי־דישע טאָכטער זאל דאס ניט געשעהען. נעמליך, עס האָבען איהר אפּאנעוועט יונגע מענשען, וויא פליגען אויף א טעלער האָניג, און לאָזען איהר ניט צו רוהע. איהר מיינט אפשר, אז דאָס האָבען זייא זיך געיאָגט נאָך איהר אליין? ניין, אזעלכע נארען זיינען נאָך ניט היינטיגע יונגע מענשען, — זייא האָבען זיך טאַקע געיאגט פראסט נאָך איהרע עטליכע רובל. איהר האָבען זייא אפילו געזאָגט, אז זייא האל־טען געלד אין זינען ניט; איהרע פערזאָן אליין פאר א פרוי צו האָבען קען זייא גליקליך מאכען. נאר מיר דאכט, אז דאָס האבען זייא א ביסעל צוגעליינט; זייא האָבען פאָרט געמיינט דאס געלד, און קוקט א צוקאָוויסט. פריילין ראזענפעלד האט דאס אויך פערשטאנען. דען ניט אלע פריילינס פערשטייען, וואס מען רעדט מיט זייא. אנדערע מיינען, אז אלץ וואָס א יונגער מענש רעדט, איז דאס הייליג; מען דארף אָבער פערשטעהן וואס מען רעדט ניט אויך. און פריילין ראזענפעלד האט דאס געקענט.

עס איז שוין אונגעפעהר א מאָנאט צייט, וויא עס בעזוכען איהר אפט דיעזע אונגעבעטענע געסט. ווען דער פאָטער האט געלעבט, האט דאס ניט געקענט זיין; דען ער האט געוואָלט בויען א פּארטיע פאר זיין טאָכטער נאָך דער אלטער מאָדע, דורך שדכנים; האט מעהר געקוקט אויף יחוס איידער אויף דעם עקר. אבער היינט אז דיא טאָכטער איז געווארען זעלבסט שטענדיג, האט זיא זיך ארויס גערעדט, אז זיא זוכט א פּארטיע, דער חתן אליין זאל זיין א מענש און זאל איהר ליבען. מעהר וויא דאס האט מען ניט געדארפט: קוים האבען דיא יונגע מענשען דאס דערוואוסט, האבען זיך אלע אוועק געלאָזען צו איהר אויף וויזיטען און האבען

איהר נענומען זאגען, אז זייא זיינען אין איהר שטערבעך פערליבט. אזינד זייא האָבען איהר ערסטענס. נייען זייא ארום מיט דעם איינציגען געדאנקען וועגען איהר; אז איהרע גראציע, איהר ליבעס וועזען האט זייא גאנץ און גאר בעצויבערט, און זאָ ווייטער.

שטענדיג ווארען ביי איהר געסט איבערהויפט אין אבענד. מען שפיעלט אין קארטען, מען פהילאזאפיהרט איבער ליעבע, מען דערציילט זיך איינאנדער אנעקדאָטען, און יעדער בעמיהט זיך אלץ פאר איהר זיך ארט צו צייכנען מיט וואס עס איז: דער מיט זיין ווערטיגען קאפף, דער מיט זיינע בילדונג דער מיט זיינע געשעפטססעגסנים דער מיט זיינע הערצענס נעהילפע, קורץ יעדער וויל ערגבער; דאס הערץ פון פריילין ראזענפעלד מיט דיא קאנאנען פון ליעבע, אום צו געלונגען צו איהרע עטליכע רובל.

יעצט, מיין ליבער לעזער, אויב דוא פרלסט זיך נים, קום לאמיר געהן מאכען א וויזים פריילין ראזענפעלד. אונזער וויזים וועם איהר בעשטוערליך נים פאלען, ערסטען; ווילע מיר יאגען זיך נים נאך איהר געלד און צווייטען ווילע מיר וועלען זיך איהר נים ערקלערען אין ליעבע.

2.

עס איז דעם מארגענס. פוינעל ראזענפעלד (זא וואהר איהר נאמען) האט ערשט געענדיגט איהר טואלעטע, זיא טראגט א שווארצע זיידענעס קלייד, א גאָלד קעטע אוים דעם האלדז, און בראסלעטען אויף דיא ארמען, זיא איז א שעהנע ברונעטע, הויך און שלאנק האט א גלאכע הוים פארבע, שיינע קלוגע אויגען, און דיא גאנצע מינע איהרע איז רייצענד און מילד.

זיא נעהמט ערשט א קוק פון שפיגעל און רעדט צו זיך: נו יעצט בין איך שוין פערטיג מיט מיין טואלעט: איך מח שטענדיג זיין אנגעצויגען געהאריגליך און זיין אין שטענדיגער ערוואַרטונג אויף מיינע נים געבעטענע געסט, וועלכע זיינען מיר וייער צו לאסט. ווען וועט שוין זיין איין ענדע פון דיזען טומעל? ווען וועל איך שוין אמאל פריי ווערען פון דיעזע צודרינגליכע מענשען? זייא יאגען זיך אלע נאך מיין געלד און מאכען מיר טויזענדע קאמפלימענטען אום מיך אין זייער נעטץ צו פערשטריקען, איך ווייס דיא מענשען זיינען זייער שלעכט און זייער פערדארבען; ווייניג פון זייא זיינען גוט.—אבער וויא איז צו עררא‌טהען וועלכער דער גוטער איז? ווען נאל איך מיר צו מיינעם לעבענס געפעהרטען ערוואהלען (אויסקלייבען)? איך פערלאנג קיין יחוס, איך זוך קיין געלד, — איך וויל נור דער מאן זאל זיין אויפריכטיג

מאסען געבילדעט. זאל האבען א גום הערץ און זאל מיר זיין איינפאך טריא. זאל איך דען דאס נים קענען ערלאנגען? אבער מיין געלד פערשטעלט מיר מיינע אויגען און איך קען אין זייער כאראקטער נים אריין קוקען, און וויא קום איך פארט צום ציל?

דיא תאט גענומען א בוך אין האנד האט עטוואס געלעזען און האט וויעדער אוועק געלייגט.—ניין זאגט זיא, אז דער קאפ איז צו דרייט, קען מען נים לעזען. פון רעסטוועגען, זאגט זיא ווייטער נאך איינער פויזע, פון רעסטוועגען א מענש מיט פערשטאנד דארף דאך קענען אונטערשידען רעכטס פון לינקס, און מען דארף דאך קענען פערשטעהן, וועמעס ווערטער זיינען געמיינט ערינסט און וועמעס נים....

יע, צווייען פון זייא געפין איך פאר וויכטינערע מענשען-אלס דיא איבעריגע. דאס זיינען הערעש שטיין און לעאן וויים. זייא זיינען גענוג קלוג און געבילדעט; זייא מיינען דאכט זיך מיט מיר גענוג ערענסט. דער ערשטער צייכענט זיך אויס דורך זיין העפטינען ענערגישען כאראקטער, דער אנדערער דורך זיינע זאנפטמוטה און געלאסענהייט. אזוי שיינען זייא מיר ביידע צו זיין; אבער דען ריכטינען כאראקטער זייערן קען איך נים ערגרינדען, און איך קען מיך נאך אויף זייא ביידען נים ענטשליסען.... שא, מען האט אנגעקלונגען, אימיצער איז שוין דא.

מען האט באלד אנגעקלאפט אין טיהר פון איהר קאבינעט און עס איז אריין הערעש שטיין. דאס וואר א מאן א יאהר דרייסיג און דיק, א דונקעלעס געזיכט, מיט ברילען אויף דיא אויגען, מיט א געראזירטען בארד, אז דיא באקען און דאס קין האבען אויסגעזעהען שווארץ בלאה.

ער נימט אריין דרייט, גיט זיך איהר הענטליך א נייג און רייכט איהר דיא האנד.

ווען בעגינען זייא זיך מאדמאזעל? נאך זא פריא און זיא זינד שון אנגעצוגען און ערווארטען איהרע אונגעלאדענע געסט.

וואס זאל מען מאכען, זאגט זיא.

וויא מען איז א פריילין מוז מען מאכען אונאנגענעהמליכקייטען אויס שטיין.

— איך וואונדער זיך אויף אייך, מאדמאזעל, וויא יוערט איהר דאס נים מידע, זאלכע לוסטיגע וויזיטען אונאויהערליך צו עמפטראנגען.

— איך ווער יע מידע, הער שטיין: אבער וואס קען מען מאכען?

טרייבט זייא ארויס, מאדמאזעל; איך מיין, לאזט זייא וויסען, אז איהר קענט זיי מעהר נים אויפנעהמען.

— און איך זאל זוכען א פארטיע ביי דיא שדכנים! זאגט דיא מיט ערנער; דיזע מיינען דאך מעהר ניט וויא געלד.

— און אייערע געסט, מיינט איהר, מיינען וואס אנדערס? איהר האט א גרויסען טעות, פריילין, פאר וואס מאכען זייא ניט קיין וויזיטען ביי יענקעצקע חארלאפ דעם שוסטערס טאכטער? פאר וואס ניט ביי שמערקע צאפ דעם שניי־דערס מיידעל? זייא האבען פראסט דערשמעקט, אז איהר האט עטליכע רובל, אט זיינען זייא צוזאמען געלאפען אהער וויא דיא בינען. גלויבט מיר, פריילין, זייא זיינען אלע שארלאטאנעס, זייא מאכען אייך קאמפלימענטען און לאכען אייך אויס אין הויפען.

— דאס וויים איך אויך, זאגט זיא; אבער עס איז דאך פראנען אונטער זייא רעכטע מענשען אויך.

— איך זאג אייך מאדמאזעל, עס איז איינער א רעכטער ניטא. און אויב איהר ווילט. וועל איך אייך ווייזען א פראבע־

— א, זאגט זיא, אויב איהר קענט דאס מיר דערווייזען. וועל איך אייך העכסט דאנקבאר זיין, דען איך וואלט שוין אויך וועלען א מאל לייז ווערען פון דיא אונערטראגליכע סאבראנעס.

— איך מוז אייך אבער אין פאראויס זאגען, אז דאס איז א ביטערעוי רע־צעפט, אפילו א זיכערער; אבער איהר וועט דארפען האבען דערביי אויף א פיר־טעל שטונדע אונאנגענעמליכקייטען.

— לאז זיין א שטונדע און צווייא אויך; נאר דאס מיטעל זאל זיין א זיכערעס.

— אלזא, זאגט ער, לאזט זאגען אלע אייערע בעקאנטע, אז אין דעם און דעם טאג פייערט איהר אייער נאמענסטאג.

— וואס נעהערט דאס דאצו?

— פארשטייט איהר מיך, לאזען זייא אלע זיין דא, און דער קלאפ וועט זייא טרעפען מיט א מאל. איך האב שוין ערדאכט א שפיצעל פאר דיא שארלאטאנעס, אז זייא וועלען אלע צו לויפען וויא סאראקעס פון דעם שאס פון א ביקס.

— נו גוט, דאס וועל איך אזוי טאן.

— דאס דארף אבער בלייבען א סוד, אז חברה זאל זיך דער פון ניט דערוויסען.

דא האט ער איהר געזאגט איינינע ווערטער אין דער שטיל, אז דיא הויז

מענשען זאלען נישט הערען. זיא האט א שמייכעל געטאהן און זאגט ; אבער ווא מאכט מען דאס ?

— דאס פערלאזט זיך שוין אויף מיר. דאס וועל איך שוין איינארדענען, הע הע, איך וועל שפּיעלען, און זייא וועלען טאנצען.

באלד זיינען ארויף געקומען נאך איינינע וויזיטערס, און עס האט זיך אנגע־פאנגען איין אנדער געשפרעך. הערעש שטיין האט פערבראכט נאך א שטונדע צייט און איז אוועק געגאנגען.

3.

אין א וואך ארום אם דיענסטאג וואר דער נאמענסטאג פון פריילין ראזענ־פעלד. עס איז פון אבענד. אלע איהר זאנענאנטע פריינדע, דאס הייסט אלע דיא וואס שדכנען זיך צו איהר, האבען זיך שוין פערזאמעלט. זייא האבען זיך פאנאנ־דער געטהיילט אין פערשיעדענע גרופּפּען, חעלכע זיינען געזעסען ביי פערשיערענע טישען, און האבען געשפּיעלט אין קארטען. אנדערע גערופען האבען זיך אזוי אונ־טערהאלטען. פריילין ראזענפעלד האט ערשט ניענדיגט א פארטיע אין קארטען. איז אויפגעשטאנען פון דעם טיש, האט זיך צוריק געצוינען אין א ווינקעל פון זאל. זיא האט אויסגעזעהן מוטהלאז, פערדריסליך און וויא ליידענד. עס איז צו איהר צו געגאנגען לעאן וויס, וועלכער וואר אויך געווים אין דער פערזאמלונג. דאס וואר א יונגער מאן א יאהר אכט און צוואנציג, א בלאנדין מיט א שיינעם ווייסען געזיכט מיט א רונדען בלאנדען בארד, ער איז הויך און שלאנק, עלעגאנט געקליידעט.

— וואס איז מיט איהנען, פריילין? פרעגט ער איהר אנגסטליך אנ־קוקענדיג.

— עס איז גאר ניט, זאגט זיא נאכלעסיג.

— ניין ; פריילין, עס איז צו זעהען, אז א שווערע זארגע לאסטעט אויף איהר חערצען. ביטע זאגען זייא מיר, וואס איז איהר קימער, פיללייכט קען איך איהם העלפען.

— איך דאנקע איהנען זעהר פיר איהרע טהיילנאהמע זאגט זיא ; אבער זייא קענען מיר ניכטס העלפען. ווער וואלט גלויבען, אז אין דיזעם הויזע, וואו עס איז הייטע אזוי פריילוך, זאל דיא ווירטהין אזוי פיעל זארגע צו טראגען האבען.

— א, זאגט ער פאר זיך מיט א ביטערען זיפץ. וויא עלענד זיא זינד !....

אח וויא פון אזוי פיעל פריינדע איז ניטא איינער, וועלעטער זאל וועלען אייך העל־פען טראגען איירע זארגען.... א שוואכעס פרויענצימער, איינע אליין אויף גאטעס

װעלט ;.... ניט שױן קענען זײא זיך ניט אוים זוכען אײן אײנינסטען גוטען פרײנד, װעלכער זאל זוכען אײערע לײדען צו ערלײכטערן. איך בין בעריים, פיר זיא סאר־סאזעל. אלל מײן געלד אונד מיהע אױף צו אפּפערן נאָר בעגליקען זיא מיך מיט דעם נאמען פרײנר.

— װיא שײן ער רעדט, זאָגט זיא פאר זיך ; אבער צו מײנט ער דאס ערענסט ?

פלוצלונג האט זיך געלאזט הערען א געשרײא פון פאדערער צימער :

— מײן געלד !.... מײן געלד װאס ניט מען מיר ניט־ אװעק !.... מײנע בלוטיגע געלד !!

— נעהט ניט װײטער, שטילער א װײלע, הערט זיך נאָר א שטימע, װאהר־שײנליך פון דיא הױז מענשען : קומט מאָרגען, װעהט מאכט איצטער ניט קײן מר מעל ; עס זײנען דאָ פרעמדע מענשען.

— װאס קימערט עס מיך ! שרײט װידער יענע שטימע : איך מײן טאקע כאָזען לײט הערען, װוא מען נעהמט צו יתומי׳שע געלד און מען װיל ניט אװעק גע־בען.... אכט הונדערט רובּ !.... אכט הונדערט רובל יתומי׳שע געלד !

אלע געסט זײנען געװאָרען איבערגעגט פון דעם לארעם. אנדערע האבען זיך גענומען קוקען אױף אײנאנדער און פערװאונדערונג. אנדערע האבען זיך א װאָרף געטאהן צום טהיר. דאָ האט זיך געלאזט הערען אײן אנדער שטימע :

— מײן מאַכטערס נדן װאס ניט מען מיר ניט אװעק !.... דרײצעהן הונ־דערט רובל.. װאס איך האב אײנגעלײגט בײ דעם אַטען גבריאל׳ן, און יעצט האט דיא גוטע מאכטער זיך פרסװאיעט דיא געלד. מאכט בעללער.... לעבט א גוטען טאג מיט יונגע לײט פאר מײנע בלוטיגע געלד !.... זיא מײנט איך װעל דאס שװײגען !....

— מיר זאָלען ניט שװײגען, האבען זיך אבגערופען נאך אײנינע שטימען מיט א גװאלד געשרײא : מיר זאָלען ניט שװײגען !.. לאָמיר ברעכען דיא שפיגלען !.. לאמיר צו ברעכען נאר דיא מעבעל !.... אײן מאל דיא געלד זאל זיא אונז אװעק געבען, דיא הולטײסע.... אונזער געלד ! אונזער געלד ! !

— הערט צו מאכט קײן לארעם ניט ! האט זיך אבגערופען הערש שטײן, װעלכע איז ארײם און פאדערער צימער : איהר מאכט קײן שקאנדאלען ניט ; עס װעט נאר ניסט העלפען. פרײלי ראזענטאל איז געבליעבען אײן ארעמע יתומה. פון איהר פאטער איז איהר ניט געבליעבען קײן געלד, מעהר ניט חובות. װאס זיא דארף צאהלען. איך בין איהר אדװאקאט, פערשטײט איהר מיך, און זיא האט מיר געגעב־

בעו איהרע רײלעס, חיים איך אקוראט וואס מיט איהר מהום זיך. אלזא אריין מיט נוסען, וועט איהר קרינגען ווא פיעל עס איז, אז מען וועט פעריקרפען איהרע אימושצעסטווא: און ארב מיט בײזען, וועט איהר א קאפײקע ניט קריגען.

דערוויילע ווערענד דער טיטול, איז פײנעל ראזענפעלד אריין אין איהר קאבינעט, און דיא געסט האבען זיך געשטעלט און האבען גענומען אוועק געהן.

— איהר הערט, ברידער, וואס דא טוט זיך זאגט אײנער, דיא רײכע כלה איז נאָר א קבצנטע.... לאָמיר אָבציהען פון דאנען!

— איהר פעריטשט, חברה, זיא האט נאר אונז געוועלט אנשײפען, אימיצער פון אונז זאל איהר נעהמען אָן א קאפיקע געלד....

— און זאָל נאך צאהלען איהרע חובות אויך, האפט אונטער נאך אײנער.

— און בלײבען מיהר ניט ביי דער צרה, זאגט א פערטער. לאמיר לויפען פון דאנען ווייא פון א פעסט.

— האבט דיא פעקלעך, ברידער און לויפט פון דאנען.... אויס רײכע כלה.... אויס זיסער חלום.... אויס פופצינ טויזענד רובל. וואס א בעסטיע ניט קען! שפילט א ראלע פון א רײכע כלה. אביאוועט, אז זיא פערלאנגט קיין גרן ניט, וויל מער ניט רײנע ליעבע, מאכט ביי זיך סאבראניעס, אום זיא זאל זיך קענען אויס קלייבען דעם בעסטען פון דיא יונגע מענשען.... און מיט וואס! מיט נאר ניסט.... נו, ברידער, לויפט!.... לויפט וואו פעפער וואקסט.

מיט דיא רייד האט זיך יעדער גענומען זיין פאלטא און איז האסטיג ארויס געגאנגען. עס האט זיך מעהר ניט געהערט א קלאפ נאך א קלאפ, וויא דיא טיהר מאכט זיך צו. אין פינף מינוט איז קיינער פון דיא געסט ניט געבליבען ביי פײגעל ראזענפעלד אין שטוב.

הערעש שטיין איז געבליבען אליין אין זאל. ער האט זיך אוועק געזעצט אין א קרעסלע, האט אויס געצײגען דיא פיס אויף נאך א שטול און האט אויס געשאסען אין א געלעכטער: חא חא חא! ארויס געפראוואָרעט דיא הינד פון פיטען מעפעל! חא הא חא! ארויס געיאגט דיא כלבים פון דעם שטאלץ גרוב! חי חי חי! איך האלט ניט אויס פון געלעכטער.... איך מיט אייערע פוסטע חלומות!.... וויא זיינען דאס קלוגע, געבילדעטע.... און נעפיהרט אין זאק האב איך זייא. ז

וואסערע לאננע נעזעזר זייא וועלען דאס מאכען, אז זייא וועלען דאס מאכען, אז זייא וועלען זיך דערוויסען, וואס פאר א קאמעדיע איך האב מיט זייא נעשפּעלט!.... זייא זיינען אנטלאָפען פון דעם נעלד זאק, וועלכער וועט איצטער נעהערען צו מיר.... איך אליין טריאומפירע יעצט, איך בין היינט דער איינציגער, וועלכען זיא וועט געפינען פאר ווערט איהר מאן צו זיין; יעאט האט זיא שוין נעזעהן אויף קלאָר, וועלכע שארלאטאנעס זיי זיינען אלע.... איך אליין האב נאר א ווערט אין איהרע אויגען. אלעמען האב איך אזוי לאָווקע אָבגעראמט פון וועג.. איך האב יעצט קיינע סאפערניקעס און אויפ'ן וועג צום גליק נייא איך אליין אונגעשטערט. און איהר אליין ליעב איך ערסט נים: איך ליעב איהר ניט א האָר מער פאר דיא אלע שארלאטאנעס. איך ליעב נור מיין ליזען, וועלכע איז שיין וויא דיא זונן, און דיעזע איז נים ווערט יענערס מינדסטעל פיננערל. נאָר דיעזע האט דיא מטבע, און דאס דארף איך זייער נייטהיג האבען. אלזאָ מיט דעם איין שווינדעל האב איך אָן געפייפט אי דיא סורהאנעס, אי דיא רייכע פיינלען. אלע וועלען ביי מיר נעהן אין אלע העלען, און איך מיט מיין ליזען וועלען לעבען א גוטען טאָג. מיין פלאן איז שוין ביי מיר פארטיג.



פיינעל ראזענפעלד. איז געבליבען זיצען אין איהר ציטער נידער געשלאָגען. דיא פאלשקייט, וואָס זיא האט געזעהן אין דיא מענ'שען, האט איהר העכסט אויפגעבראַכט. אויך דער סקאנדאל, וויא דאס איז געוועזן א אויפגעפירטע קאמעדיע, האט געמאכט אויף איהר אזוי איין אנדריק, אז זיא האט זיך געפיהלט גאנץ פערלאָרען. עס איז געוואָרען א חאָס ביי איהר אין דיא נעדאנקען. עס איז נימא קיין מענש א רעכטער.... אלע איהרע האפענונגען זיינען צו גרונדע.

דיא טיר פון צימער וואר אפען, עס איז אריין הערעש שטיין מיט א שטראַכענדע געזיכט. — היינט זעהען זיא, מאדמאזעל, זאגט ער, וויא עס האט זיך אויסגעלאָזען אויף מיינע רייד. איך האב אייך יעצט אבגעראמט אלע שמוץ און איהר וועט שוין פריי אויפאטהמען.

— איך דאנק אייך, הערר, שטיין, פאר דיא געפעללינקייט וואס איהר האט מיר געטאהן, זאָגט זיא זייער לייזע. אבצוואר איך בין דאפאן זייער נידערגעשלאָגען פון דיא מענשליכע פאלשהייט; אבער דאך האט עס מיר מיינע אויגען גיעפענט: איך האב געזוכט דאס, וואס עס איז נימא, און אויף וויימער וויים איך ערסט נים....

— יעצט, פריילין, זאָגט ער, קען איך האָפען אויף אייערע פריינדשאפט?

— נאַטירליך, זאָגט זיא, פון זייא אַלעמען זיים איהר דער בעסטער.... זאָ שיינט עס אם װײניגסטען צו זיין.

— אַ פרייכין, קענט איהר נאך צווייפלען אין מיינע אויפריכטיגקייט?

— עס איז גענוג, הערר שטיין, וואס איך זאָג אייך, איהר זייט דער בעסטער פון זייא. דאס קען שוין אויך גענוגען. איבעריגענס וועלען מיר נאך ריידען דאפאן. יעצט ביטע מיין פריינד, לאססען זיא מיך אליין. דער קאָפּף שפּאַלט מיר פון פערווירונג. פון היינט אָן מער וויא איהר דאַרף צו מיר ניט אריין קומען.

שטיין האט איהר געדריקט דיא האַנד און איז ארויס געגאנגען זייער פריליך.

— אלזאָ זיינען אלע אויסוואורפען, רעדט זיא צו זיך, בלייבענדיג אליין אין צימער, ניטא איינער א רעכטער. יעדער האט פאר זיך מיך געוואָלט בעטריגען, יעדער האט זיך געיאָגט נאך מיין געלד, און מיינע פערזאָן אליין אָן געלד האט ביי קיינעם קיין ווערטה. אַ וויא טרויעריג עס איז, קיינען ווערטה צו האבען געליבט צו זיין! אין דיזער הינזיכט זיינען שוין דיא ארמע צו בענײדין: ביי זייא אז עס שליסט זיך א פּאַרטיע אהן געלד, ווייסען זייא דאך, אז זייא געפעלען זיך אליין איין אנדער, קיין געלד פערבלענדעט זייא דיא אויגען ניט, און זייא קענען האפען אויף א גליקליכעס לעבען. אוי וויא! וויא רייך איך בין. קען איך דאך גליקליך ניט זיין. קויפען א מאן פאר געלד איז קיין גליק ניט, און ווער עס זאָל מיך ליבען איז ניטא. אויך לעאָן ווייס איז ניט בעסער פיר אלעמען.... ער האט מיך ערשינען עדלער און ערענטליכער צו זיין.... ער האט גערעדט דאכט זיך אזוי ערנסט.... זיין בענעהמען וואר אזוי מילד, אז איך האָב שוין ווירקליך גערעכענט, ער זאל זיין מיין אויס-ערוואהלטער, — און היינט זעה איך, אז ער איז ניט בעסער פאר זייא.... און דער הערעש אליין, פיל איך, איז אויך ניט גאר קיין גאלד. ער האט מיר יא בעוויזען, וויא נידערטרעכטיג זייא אלע זיינען; אבער מיט וואס ווייס איך, אז ער וואלט אנדערש האנדלען? וויא קען איך מיך איבערציינגען, אז ער מיינט ערנסט מיט מיר. שלעכט א פאלשע וועלט!.... נאר לעאָן ווייס זאל מיך אזוי בעהאַנדלען קריינקט מיר מעהר פאר אלץ.

מען האט אנגעקלונגען. דיא הויז מיידעל איז אריין און האט אן געמעלדעט אז לעאָן ווייס איז געקומען. א שטראַל פון פריידע האט א שיין געטאהן אויף

סיינעלס נעזיכם. דאס הארץ האט איהר נענומען קלאפען פאר פריידע, דא תאם איהר גזזאגט, ער זאל אריין קומען.

באלד איז אריין לעאן ווייס. זייא ווארען אליין אין צימער זיא האט אויף איהם נים א קוק נעבאהן, אום ער זאל פערשטיין, אז זיא איז אויף איהם העכסט ארפ־נעבראכט; און זיא ווארט וואס ווען ער איהר דא זאגען, מיט וואס ווען ער זיך דא נענען איהר פערענטפערען.... ער האט אבער ביין אריינגעהן א ווארט נים געזאגט. ער איז גלייך צו נעגאנגען צום טישעל, האט אויף איהם ארויף נעלייגט א באנק ביכעלע, האט ווידער ארויסגענומען פון דער טאשע א פאק בילעטען און האט אויך אוועק געלייגט. און זאגט: מיין פריילין, איך ביטע אים פערצייהונג.... איהר זיים יעצט אין א קריטישע לאגע.... דא איז צוזאמען זיבצעהען הונדערט רובל מיין גאנצע געלד. ראכפראזייעט זיך דאמיט, וויא איהר ווילט. און ווייטער מיינע גע־האלט 150 רובל א מאנאט שטייט אייך אויך צו דינסטען, נאר גרעמט זיך נים, הים אייער הערץ נענען דיא אלע אונפאהלע, וואס אייך האט געטראפען.... נאר זיים רוהיג, דאס איז מיין איינציגער וואונש.

זיא האט אויף איהם אזוי וויא פערוואונדערט א קוק געבאהן און האט איהם נים געענטפערט.

— ענטשולדיגט מיך, ווערטהעסטע פריילין זאגט ער ווייטער וואס איך בין דאן תיכף אוועק געגאנגען. איך האב נים געקענט פערבלייבען דא און טרייסטען מיט פוסטע רייד. איך האב מיך נעאיילט אוועק צו גיין און צו קומען, אום אייך מיינע מאטעריעלע הילפע צו רייכען, וויא ווייט איך קען.

פיינעל האט א שטייכעל נעטאהן. רייכט איהם דיא האנד און זאגט: איך דאנק אייך זעהר, מיין פריינד; אבער נעהסט אייער געלד צוריק.

— וויא ? זאגט ער מיט א זיכטבארען פערדרוס. איהר ענטזאגט זיך פון מיינע פריינדשאפט.... פון מיינער טהיילנאהמע.... אה איך בין אונגליקליך.

ניין, מיין פריינד. זאגט זיא דיא האנד פריינדליך דריקענד איך ענטזאגע מיך פון אייער הילפע, אבער נים פון אייער פריינדשאפט. אים נעגענטהייל עס פרייט מיך זייער, אייער אויף ריכטיגע טהיילנאמע צו זעהן, און איבערהויפט אין אייך מיינען בעסטען פריינד צו זעהן. איך ווער ווירקליך אין דער גרעסטער פערצוויי־פלונג. ווען איך האב נעזעהן, אז איהר האט מיך אויך פערלאסען גלייך וויא יענע ניכטסווירדיגע מענשען. יעצט פרייט עס מיך, אז איך האב מיך אין אייך נים גע־אירט. איך האב אייך געדעכינט פאר דעם בעסטען פון אלע מיינע בעקאנטע. און

דאס זיים איהר ווירקליך. אייערע האנדלונג נעגען מיר איז העכסט לייבענסווערט, און איהר האט מיר דען ריכטיגען בעוויז געגעבען, וועלכען איך האב געזוכט.
— טוא טהוט מיר דיא פריידע, געעהרטע פריילין, און נעהמט אן מיינע קליינע הילפע, ווענ איהר מיר גליקליך מאכען.
דא האט איהם גיכטס געענטפערט, איז צוגעגאנגען צו איהר אייזערנעם שראנק, האט איהם אבגעשלאסען. האט ארויס גענומען א פאק פאפירען און זאגט אט זיינען ווינרישגע בילעטען אויף 18 טויזענד רובל; אט זיינען צוויא קופציא־קרעפאסטען אויף צוויא טויזענד, וועלכע טראגען מיר דאחאד צו צוויא טויזענד רובל א יאהר, אט איז אזוי פיער טויזענד אכט הונדערט רובל בארעם געלד, און אט זיינען וועקסלען אויף זעכס טויזענד רובעל, און שולדונג בין איך גאר נישט, און אט איז א שאכטעל מיט צירונג אויף דריי טויזענד רובעל.
לעאן ווייס איז געבליבען שטיין פערבליפט. ער קוקט אויף איהר אין ערשטוינונג.
טא וויא?.... ווא וואס איז דא פריער געוועזן? האט ער גענומען שמאסלען.
דאס איז געוועזן א קאמעדיע, מיין פריינד, זאגט דיא מיט א שמייכעל איהם מילד אנקוקענדיג.
— א קאמעדיע! זאגט ער מיט א שטיינענדען ערשטוינונג: וויא אזוי?.... וואצו?
— אום דאדורך צו שטעלען אויף דער פראבע מיינע בעווערבער (וואס שרייבען זיך צו מיר) און צו זעהען וועלכער איז מיר ווירקליך גוט און ווערטה.
— נוא און דער רעזולטאט?
— און דער רעזולטאט האב זיך ארויס געוויזען, זאגט זיא, דאס אלע זיינע ארסוואורפען, שאראטאנעס, ארסנענאמטע צווייען.
— ווער זיינען דיזע צוויא, ווען איך פרעגען דארף, פרעגט ער מיט א הייזע־רינגע שטימע.
דאס זייט איהר העדר ווייס, און דער צווייטער איז הערר שטיין. איהר זייט אייער פריפונג גוט בעשטאנען, איהר האט געהאנדעלט, וויא איין עכטער פיינער מאן און וויא איין איינזיגער גוטער פריינד. קורץ איהר זייט דער מאן, וועלכען איך האב מיר אימער געווינשט.

— נוא, און הערר שטיין? פרעגט ער אונרוהיג.

— הערר שטיין האט זיך ניכטס אוים געצייכענט זאגט זיא; נאר ער האט אויפגעטאהן דעם גאנצען שווינדעל, ער האט אונטער געפיהרט דיא בויאנעס, וואס האבען געמאכט דעם גוואלד, און דיעזע זיינען צוכאפּען.

— אלזא זאגט וויים, האט שטיין אויפגעטאהן דיא גאנצע מאכעריי; דאס איז דאך אבער ניט קיין בעוויז, אז ער איז פיין און ארענטליך, און עס קען זיין אז איין אנדערער וואלט דאס אויפפיהרען ער אליין דוקא ניט בע־שטאנען.

— דאס קען זיין, זאגט זיא.

— און איך מיין, אז דאס איז געוויס. זאגט ער. וויא איך קען איהם פון וויטען האב איך וואס פיינעם פון איהם ווייניג וואס געהערט.

— דאס איז נאך קיין גרונד, זאגט זיא.

— אלזא מיינען זייא, מאדמאזעל, מיר זיינען נאך צווייא סאפערניקעס?

— נאטירליך, הערר וויים, א הר זייט דער שטארקערער אבער איהם אהנע־צעוויין איז שווער צו בעזייטיגען, ער האט דאך מיר געטאהן א גרויסע געפעל־ליגקייט:

ביי דיזעם געשפרעך האט ער נאך פערבראכט ביי איהר נאך א שטונדע און איז אוועק געגאנגען. ביי זיין אוועק גיין האט זיא איהם זייער פריינדליך גע־דריקט דיא האנד און זאגט: אם לעצטען זאלען זייא וויסען, ליבער הערר וויים, איך האפפע אז מיר וועלען בלייבען עוויג עוויג גוטע פריינד. אייערע גוטע מילדע און טרייע, וועלכע איהר האט מיר הייטע בעוויזען, איז ביי מיר טיף איינגעפּרעסט אין מיינעם הערצען, און עס ניע פערגעסען צו קענען.

זיא האט איהם מילד אנגעקוקט, וויא איהרע אויגען וואלטען זאגען; איך וויל אייך אוים קומען, וויא איהר זייט ווערטה; אבער לאז נאך עטוואס גע־דולד זיין.

זיא האט איהם געבעטען, ער זאל אפט קומען צו איהר און ער איז אוועק געגאנגען.



אז כעאן וויים איז געוועזען אויפ'ן גאס האט ער זיך גענומען איבער לייגען אללעס, וואס דא האט פאססירט און רעדט צו זיך: דער לידערליכער יונג הערעש שטיין, וואס איז דער ערגסטער פון דיא אללע נעלדניערינע בעווערבער האט גע־

קענט אויסוּוירקען פריינדליכע נעזינונג צו איהם פון פריילין ראָזענפעלד, און הײנט איז ער מיר א סאפערניק, מיר, וואס איך בין איהר ווירקליך טריי און ליעב איהר אזוי הערצליך און איניגס. און ער מיינט דאך מעהר ניט וויא איהר געלד.... נוא אבער אזא מין סאפערניק וועט מיר ניט שווער זיין צו בעזיגען. נעווים האט ער חטאימליך ארום זיך. וועלכע מאכען גוטע פלעקען אויף זיין האראקטער; און אויב פיינעל זאל זייא נאָר איין מאָל דערזעהן, וועט ער זיך שוין מעהר ניט קענען ריין וואשען נענען איהר. אָבער ליידער בין איך מיט אידם ווייניג בעקענט און קען זייא לייכט ניט ארויס נעפינען. מען דארף זיך זעהען מיט איינינע פון דיזע יונגע לייט וועלכע ער האט אזוי נעלאָכט אזוי שענדליך; מען דארף זייא דאַס אללעס ערציילען, פיללייכט וועל איך פון זייא וואס דערוויסען, דאן וועל איך מיט איהם אויך אויפפיהרען א קאָמעדיע און ער וועט ביי מיר טאַנצען.

אויף מארגען אבענ:ד איז לעאָן ווייס אוועק נעגאַנגען צו זיינעם א פריינד בענעדיקט שטריק. ראָרטען האָט ער נעפונען נאך איינינע פון פיינעלס נעסט: מאזעס שטאָלץ. פאוול שטערן, דאן גרינשטאק און וואלף זילבער. זייא האבען נע־רעדט פון דעם סקאַנדאל, וואס נעכטען איז נעוועזן ביי פריילין ראזענפעלד, און הא־בען נעפונען, אז זיא איז א גרויסע קאַנאַליע, וואָס זיא האט נעוואָלט אלעמען פיה־רען אין זאק. א קבצינטע, א הקדש זאל שפילען דיא ראָלע פון א ריינע נאסליעד־ניצע אום דאדורך ארויס צו חאפען דעם בעסטען פון היזיגע יונגע לייט פאר א מאן, א דאנק, חלעבען, זאגט שטערן, דיא ארעמע כלה מיט דיא ארעמע יתומים, וואס האבען אונז נעעפענט דיא אויגען; אז ניט וואלטען מיר שוין נעלעגען אין דער ערד צעהען קלאפטער.

— און איך וועל אייך זאגען נאָר איין אנדער מעשה, זאגט ווייס, וועלכער האט צו נעהערט זייער מיינונג: עס איז גאר פערקעהרט דער נעכטינער שקאנדאל איז נאר נעווען א שווינדעל, אום אלעמען אויף דיא פראבע צו שטעלען.

— און אין אמתן איז זיא רייך! האָבען איינינע אויסנעשריען.

— רייך.

— דאס איז לינען, שרייען אלע.

און איך האב אליין נעזעהען מיט מיינע אויגען איהר בארעס נעלד, ווערטהע פאפיערען און צירונג אויף איבער זיבעציג טויזענד רובעל. זאגט ווייס.

ביי דיא ווערטער זיינען אלע נעבליבען [illegible] בליפט, וויא תאבען

דיך נענומען קוקען איינע אויף דיא אנדערע און קוועטשען מיט דיא פלייצעס.

— אזוי, האט זיא דאס מיט אונז געלערענט בלק? זאגט שטריק. געוויס.

— און זיא האט דאס אליין אויפגעטאהן דעם שווינדעל?

— ניט זיא. דאס איז הערעש שטיינס ארבייט.

— הערישקע שטיין! האבען זייא אויסגעשריען: אט דער לייזאק! וואס האט שוין ניט איין פריילין פערפיהרט.

— יע, ער האט דאס געדונגען א פאר טרעגער, האט זייא אנגעשיכרט און האט זייא אנגעלערנט צו מאכען דעם לארם פאר דיא גאנצע געזעלשאפט אין דיא אינגען. און דער רעזולטאט איז געוועזן, אז ער איז געבליבען דער פיינער מענש, און מיר אלע שארלאטאנעס, וואס האבען זיך געיאגט נאך איהר געלד.

— וואס א ליידאק ניט קען! שרייען איינע העכסט אויפגערעגט. ער האט אונז אלעמען געפיהרט אין בלאטע, און ער וועט חאפען דיא רייכע גאסלע־ניצע, וועט זיין דער רייכסטער אין דער שטאדט, וועט פאהרען מיט איהר אין קארעטען און וועט נאך אונז אויסלאכען אין געזיכט! און וואס איז ער אליין? דער ליבליכסטער יונג אין דער שטאדט, א מנוועל. אויך ניט קיין פערדינער. א שטיקעל אד־וואקאטעל.... נאר מיט א גוטען איינפאל זאל ער האבען אזא גרענצענדע פארטיא אויס געפיהרט.

— ניין, ברידער, שרייט שטריק: מיר זאלען דאס ניט דערלאזען.

— לאמיר געהען, גרינשטאק, לאמיר געהן צו איהר און דערציילען אללע זיינע שטיקלעך. איך האב פון איהם פיעל מעשות גאנצע שיינע צו ערציילען.

ניין, זאגט ווייס. מיט ווערטער וועלען מיר ניכטס מאכען; זיא האט פיינט רכילות. מען דארף רייסטעווען: עפעס דערלאנגען איהר אויפ'ן טעלער.

— ער איז גערעכט, זאגט שטאלץ: לאמיר איהם אויך אונטער פיהרען אזא מין קאמעדיע וויא ער אונז און לאמיר איהם צאהלען מיט דיא זעלבע מינצען.

— הערט, ברידער, זאגט ווייס; ווייסט איהר ניט וועד צו ער האט א געליבטע?

— איך ווייס, ער האט געהאט עטליכע געליבטע, זאגט ווייבער.

— איך ווייס, זאגט גרינשטאק, אז ער האט א כלה ליזע פיינענבוים. מיר דאכט אז עס איז געווען תנאים זאגאר. נאר דאס ווייס איך ניט געווים. זיא איז א זעלטענע שיינהייט.

— וואו וואוהנט ער? פרעגט ווייטער ווייס.

— ער וואהנט ביי אננע וואסילעוונא וועלכע גיעבט אפ מעבלירטע צימערן פאר חאלאסטיע. ער בעוואהנט צוויא צימערן.

— פון וואנען ווייסט דוא? דוא ביזט מיט איהם נוט בעקאנט?

— איך קען זיך מיט איהם פון ווייטען. נאר איך קום אפט אין יענעם הויז. דארט וואהנט מיינע א שוועסטער.

— אהא, דאס איז גוט, זאגט ווייטער ווייס. וואו וואוהנט זיא דארט? דאס אינטערעסירט מיך זייער צו וויסען.

— זיא וואהנט מיט איהם א וואנד איבער א וואנד זאגט ווייטער גרינשטאק.

— וואוהל ווירא דיא וועלט! שרייט ווייס אויס; איך האב שוין מיין פלאן. און זע מיר ווייטער, ליבער גרינשטאק, וואס פאר א מיינונג האט דיין שוועסטער פון איהם?

— דיא שלעכטעסטע מיינונג, וואס מען קען זיך פארשטעלען. זיא הערט דארטען פאסט אלע נאכט ריידוטען, וואס דארטען טהוט זיך אב. זיא האט וויא פיעל מאל נעחכאפאצעט, דיא ווירטהין זאל איהם ארויסלאזען פון קווארטיר.

— דאס איז אלעס גוט, פארטרעפליך. מיר דאכט, ער וועט שוין ענטלויפען פון יענער וואהנונג וואו פעפער וואקסט. איצטער זאג מיר מיין פריינד, וואו לאזירט אדער וואהנט זיין גליקליכע כלה ליזע פיינענבוים?

— דאס ווייס איך שוין ניט, ליבער ווייס; איך ווייס נאר, אז זיא איז ניט היא וואהרשיינליך האט ער איהר ארויס פריוואריזעט. זיא זאל ניט קענען זעהען אין וועלכע פערהעלטניסע ער שטעהט דא מיט פריילין ראזענפעלד.

דאס קען גרייליך זיין, זאגט שמאלין; אבער מען מוז זעהן צו דערגעהן וואו זיא איז איך הייב שוין אן צו פעטשטין, וואס פאר א רעדעל ווייס וויל דא אויפדרייען.

— דאס נעהם איך זיך שוין אן צו דער נעהן, זאגט גרינשטאק זייענדיג אפט ביי מיין שוועסטער, וועט ער ניכטס אין פערדאכט האבען, און איך וועל מיך דאן גאנץ רוהיג אויספארשען קענען.

אלזאָ, ברידער, האָבען מיר נאָר ליזעס אדרעס, איז ער אַ בענגראָבענער, און מיר האָבען אונזערע ראַכע אויסגעפיהרט.

נוא ברידער, זאָגט שטריק; געררעדט און געטאָהן: מיר זאָלען ניט בלייבען קיין נאַרען, איהר הערט ברידער? קיין נאַרען זאָלען מיר ניט בלייבען!

— מיר זאָלען אַלע מעגליכקייטען אַנווענדען, שרייט שטערן; קיין מיה און און קיין געלד ניט זאַלעווען און אונזער זאַך זאָל אויסגעפיהרט ווערען.

מיט דיא רייד זיינען זייא פאנאנדער געגאנגען. גרינשטאק האָט זיך אנגענר מען אויס צו פיהרען איין טהייל פון דעו' קאָמעדיע. און ווייס דעם אנדער טהייל. און דיא חויפט אקטיאָרען וועלען שוין דייסטעווען פון זיך זעלבסט.

6.

עס איז פאַר איבער געלאָפען אַ וואָך צייט. שטיינס גוטע פריינד האָבען נעדייסטעוועט אין דער זאַך, וואָס זייא האָבען זיך אָנגענומען, מיט אַלע קרעפטען. נאָר אויב זייא זיינען געקומען צו זייער ציעל מוזען מיר מאַכען אַ וויזיט ביי הערעש שטיין. אַלזאָ מיין ליבער לעזער. אויב דוא פוילסט זיך ניט, קום. עס איז ניט וויט פון דאַנען.

עס איז יעצט דער זיבעטער טאָג, צייט עס האָט געשעהען דער סקאנדאַל ביי פיינעל ראָזענפעלד. עס איז פאַר נאַכט. הערע'ש שטיין קומט ערסט אַ היים פריילּיך. ער איז דאָס געווען ביי דער רייכע נאָסלעדניצע. זיא איז איהם גיוועזן העכסט פריינדליך, און האָט איהם געזאָגט, אז זיא איז בערייט איהם צו הייראַטהען, ווען ער זאָל איהר נאָר געבען אַ ריכטיגען בעווייז, אז ער ליבט איהר. ער נעהט אריין האַסטיג אין זיין צימער, ניט אוואָרף דיא היטעל און נעהמט ארום קויפען אי-בערן צימער אין גרויס פרייד, רייבט זיך דיא הענד פון צופרידענהייט און רעדט צו זיך: נו האָב איך דאָס אויסגעפיהרט אַ שטיק נאָר אַ מייסטער ווערק. איך נעדאַיי ויא גליקליך מיר האָט דאָס אַלעס אויסגעגאַלטען.... און ווען איינער זאָל בלייבען ראָרטען ביי איהר אפילו דער ווייס, וועלכער, איך האָב געמיינט, ליעבט איהר מיט איין אמת, האָט דאָן אויך אבגעציינען, און דעם גאַלדקאַסטען האָב איך ער-אָבערט פאַר מיר אליין, קיין הונד שמעקט שוין יעצט צו איהר ניט אריין; איך אכיין בין היינט איהר איינציגער ליבלינג און מיט מיר וועט זיא הייראַטהען חאַ חאַ חאַ! זיא פערלאַנגט נאָר פון מיר, אַ ריכטיגען בעווייז, אז איך ליעב איהר. און דאָס איז מיר זייער לייכט אויף צו טאָהן. חאַטש איך ליעב איהר נאָר ניט; אָבער אַ שטיקער שווינדעל וועל איך שוין ערדענקען, נישקאָסע מיין קאָפּ איז געגוג

שפיצינ. דער וואָס האָט נעקענט זייא אַלעמען פאר דרייען אַ קאָפּף, דער וועט קענען אויספינדען נאך אַ שטיקעל דריידעל, איהר צו בעווייזען מיינע ריינע וואהרע ליבע. האַ האַ האַ! עס איז אַ גוטער געלעכטער, עהרען וואָרט, איך האָב אלעמען פעריאַגט, ווײלע עס האָט זיך ארוים געוויזען, אז זייא ליבען איהר ניט און זוכען נאָר איהר געלד צו בעקומען, — און איך אליין האב איהר ערסט וויינינער האָלט פאר אַלעמען. אַ שטיקעל שווארצע מיידעל אַ אידישע! זייא זאָגען זיא האָט אַ נמוטה (חן), זיא איז מילד. איך בין דערויף קיין פערשטייער ניט. איך וויים מעהר ניט, אַז זיא איז ניט ווערט מיין ליזעס מינדסטען נאָגעל. דיזע איז טאקע שוין וויא דיא זונן: ווייס וויא שנייא, אַ רייצענדער פורפור שפּיעלט אויף איהרע וואנגען; דערצו איז זיא קלוג און נעראטהען. דיא גאַנצע צרה וואָס זיא האָט קיין געלד ניט און געלד מוז מען האָבען; אלזאָ וועל איך פייגלען הייראטהען און ליזען וועל איך אויך ניט איינלאָזען. דער ווײלע האב איך איהר אוועק געשיקט אין דובעלן, כאָז זיא זיך האבען פערנגיגען און דאָ וועט זיא מיר דער ווײלע ניט שטערען. היינט ווייס זיא פון קיין זאך ניט. אז זיא וואָלט חס ושלום עטוואָס וויסען, וואָלט געווען ביטער וויא גאַל. אז זיא זאָל זאָגען פייגלען איין וואָרט, בין איך קאַפּוט; דען זיא וויל דאָך אַ ריינע וואהרע ליעבע! זיא האט מיר אַפילו געשריבען, אז זיא וויל קומען, מיט מיר זעהען זיך.... מעהר וויא דאס וואלט מיר ניט געפעהלט.... האָב איך איהר גלייך געענטפערט אז זיא זאָל זיצען אויף איין אָרט, דען איך פאָהר אוועק וועגען אַ דיעלאָ אויף אַ פּאָר וואָכען. און דאַן וועט זיא שוין קענען קומען; דען עס וועט שוין זיין נאָך מיין חופה מיט פייגלען. ליזע וועט זיך נאטירליך פון אנהייב שטארק ערגערען; נאָר איך וועל איהר געבען צו פערשטיין, אַז ליבען ליב איך איהר און מיין ווייב וועט זיא זיין. שכל איז דאָ נענוג, איך וועל שוין פּאַלען אויף אַ פּלאַן הַאַ הַאַ הַאַ!.. איך האָב שוין.... טאקע אַ גוטער קאָפּף איז שטאַרקער פאר אלץ אין דער וועלט.... דאַרף מען שיינקייט? דאַרף מען עהרליכקייט? אַ פע! דאָס איז אַלץ בלאָטע. נאר אַ פּיפּינער קאפּף מאַכט אַלץ. איצטער דאַרף מען זעהען צו שרויפען, דיא מאַשינע זאָל געהן ראַשער. מארגען וועל איך איהר דער ווייזען, וויא איך ליעב איהר שטערבליך הע הע הע! און אין אַ פּאָר טעג זאָל זיין אונזער חופּה. דיא צייט איז קורץ. איך האָב נאָר מורא ליזע זאָל ניט ארויף קומען.... זיא קען מאַכען אַ שקאַנדאַל אין הימעל אריין.... דיא פיינעל איז צו פיעל פאָרזיכטיג, און שונאים האב איך אָנגעלעבט אַ סך....

דא האָט זיך גיעפענט דיא טהיר, און עס געהט אריין ליזע. הערעש איז גע־בליכען שטעהן פערוואונדערט.

— ווא קומסט דוא איצטער אהער, ליזע? פרעגט ער איהר שטאַרק אנקוקענדיג.

— גאנץ איינפאך, ענטפערט זיא, ערסט איז דאך דער פאיעזד פון ווינע, און איך בין געקומען מיט דעם פאיעזד.

— איך האב דיר דאך געשריבען, אז דוא זאָלסט ניט קומען.

— אט ווייל דוא האסט געשריבען, איך זאָל ניט קומען, ווייל עס לוינט נע־ווים פאר דיר ניט, לוינט פאר מיר, איך זאָל יע זיין געקומען.

— איך פערשטעה ניט, וואס איז דאס פאר ווערטער.

— דוא פערשטייסט גאנץ גוט, הערעש, זאגט זיא מיט א ניפטיגע שמייכעל, און איך ווייס אויך. ווייטער וואס זאָלען מיר שפּילען אין זמורקעס? קורץ איך בין געקומען צו דיר אויף חתונה.

— וואס פאר א חתונה? וואס פּלוידערסט דוא? זאגט ער מיט געצוואונגע־נער פערוואונדערונג.

— מאקע צו דיר אויף חתונה, הערעש, זאגט זיא, אין דעם ער האט גע־פיהלט, אז איהרע אויגען בויערן איהם דורך.

ער איז געבליבען שטיין א צומישטער. ער האט זיך אבער גלייך פאפראוועט און זאגט ווייטער: וואסער חתונה? איך האב קיין חתונה.

— הער צו, גענוג צו שווינדלען, זאגט זיא: דוא ווייסט הייראטהען פריילין ראָזענפעלד עס איז מאקע א גוטע פארטיע פאר דיר, פיעל בעסער וויא מיט ליזע פייגענבוים.

הערעש איז געוואָרען רויט און בלאַ פון וואוטה. ער האט גענומען ארום געהן איבער׳ן צימער, האט גענומען ווארפען און שליידערן אן דער ערד וואס איהם האט זיך נאר פאפאדזעט, און שקריעט מיט דיא ציין.

— פון וואנען ווייסט דוא דאס? פרעגט ער איהר.

— גוטע נייעס לאזט זיך הערען.... אט דאס איז דיינע ליעבע צו מיר הערעש!

— אפשר וואָלסטו מיר זאגען א ביסעל מוכר, ליזע חא?

— ניט מיין, אז איך וועל אָבקומען מיט עטליכע ווערטער. אדער מיט טרערען....

— שא. וואס וועסטו מאכן?

— איך וועל געהן צו פריילין ראזענפעלד, און וועל איהר דערציילען, אז דוא האסט מיר אונגליקליך געמאכט; מיין איך, אז זיא וועט זיך א ביסעל אָבשאַקלען

פון א מענשען. וואס קען בייטען דיין ווארם. ויינע נעפיהלע און דיין סענס. פאר איהרע עטליכע רובעל קען זיא קריגען א רעשעלרע סוחר וויא הערעש שמיין איז.

— אח! אח! האט ער אויסגעשריען און גרויס וואוטה. דיא נעזוליכער האבען זיך איהם ברייטער נעעפענט, האט נעמאכט דעם פויסט, וויא ער וואלט ועלען שיאגען דיא גאנצע וועלט, און שרייט; אז א פייער האט נעזאלט אנצינדען דיא בייזע צונג, וואס האט זיך דא אריין נעמישט...... וואס טהום מען! וואס טהום מען?

זיא האט זיך אויעק נעזעצט אויף א שטול, האט פארשטעלט איהרע אויגען מיט א טיכעל. הערעש נעהט צו צו איהר, נעהמט איהר פאר'ן האנד, לייגט צו צו זיין הערצען און זאגט: אט דיזעס הערץ שלאגט נאר פאר דיר, מיין טייערע, איך ליעב נור דיר אליין, דוא קענסט מיר דאס גלויבען.... דוא ווייסט דאך אז זיא איז א שווארצע א מיידעל.... דוא ביזט נעגען איהר א נעטין, און זיא איז נעגען דיר איין אבעזיאנע.

— טאָ הייראַטהע איהר ניט.

— זיא האָט אבער געלד א סך.

— איך פערשטייא ניט, וואס דוא רעדסט: אדער דוא ביזט משוגע, אדער דוא ווילסט מיך מאכען פאר משוגע; מיך האסטו ליעב, און הייראטהען ווילסטו איהר.

— הער צו, וואס איך וועל דיר זאגען, רופט ער זיך אב ארום קוקענדיג, וויא ער וואלט מורא האבען, מען זאל ניט הערען דער זיינע רייד: הער צו איך וועל איהר הייראטהען. עס וועט אריין קומען איהר געלד צו מיר און האנד, דאן פערשטעהסטו מיך, וועלען מיר קענען טאהן, וואס מיר וועלען וועלען.

— אנטלויפען נאך אויסלאנד! זאגט זיא מיט ערנצער: איהר לאזען פאר איין ענונה....

ניין, דאס וויל איך ניט.

— איך וועל איהר גטן, זאגט ער. און אום דוא זאלסט זיין זיכער, אז איך וועל דאס טאהן, וועל איך דיר מארגען ארויסגעבען וועקסלען אויף פינף צו אויף צעהן טויזענד רובעל, אויף וויפיעל דוא ועסט וועלען. און נאך מיין חתונה מיט איהר פערשטייסטו מיך, האבען שוין מיינע וועקסלען א ווערדע.

— און וויא איז, אז זיא וועט ניט וועלען נעהמען קיין גט?

— דערויף איז דא טויזענדער מיטעל, זאגט ער: איך האב געקענט א באנדע

יונגען פיהרען פארן נאז דורך א שטיקעל שווינדעל, וועל איך קענען אויפמאהן איין אינטרינגע, זיא זאל מוזען נעהמען ביי מיר גט. צבי״ש מען פיהרט אונטער איינעם, וואס זאל זיך צו איהר צו מאכען, מען מאכט אויף איהר א בכבול, אז זיא ליעבט איהם.... און....

ער האט נאך ניט געענדיגט זיין פראזע, האט זיך געלאָזט הערען א געשרייא, אוי! הינטערען וואנד; עס האָט זיך גלייך אויפגעריסען דיא טהיר פון דער זייט־נער וואנד.... ער דער.עהט. פיינעל ראָזענפעלד שטעהט אנגעשטיצט אָן לעאָן וויים, און פון דער אנדער זייט איז געשטאַנען דן גרינשטאַק. זיא איז געוועזן בלאַס וויא א טוך.

הערעש האָט א טראָט געטאָן צוריק, האָט זיך אָנגעחאפט פארן קאָפף, ליזע האט גענומען ציטערן וויא א בלאט.

— פיינעל.... איהר זייט דא! גיט ער א געשרייא, אין דעם עד האָט גע־פיהלט, עס האט זיך ביי איהם וואס אבגעריסען אין הארצען.

יא, דאס בין איך, זאגט זיא געציילטע ווערטער: איך האב אלעס געהערט.. אדיע אויף עווינ!!

זיא האט זיך א קעהר געטאהן און איז ארויס געגאנגען מיט ווייסען געארעמט.

הערעש איז געבליבען נידער געשלאָגען.

דיא גאלדענע פיינעלע איז אוועק!

— הא הא הא, הע הע הע. האט זיך געלאזט הערען א גוואלדינער געלעכ־טער פון פילע פערזאָנען פון געבענצימער; פאטש בראוואָ, הערעש, מיר קענען אויך שפילען קאָמעדיע, הא הא הא!

הערעש האָט מאשינאלגע א קוק געטאהן אין פענסטער. פיינעלע ראָזענ־פעלד מיט לעאָן וויים האבען זיך געזעצט אויף איין איזוואָשציק און זיינען אוועס געפאהרען.

— דיא פיינעל איז אוועק געפלויגען, זאָט איינער.

— דיא פיינעלע פליט, זאגט נאך איינער.

— א פיינעלע פליט! א פיינעלע פליט! האבען אלע גענומען שרייען און פאטשען מיט דיא הענד.

---

איך זעה, מיין ליבע לעזער, אז דוא ביזט זייער ניינעריג, דוא חלשט, דוא וואלסט וועלען וויסען, וויא אזוי איז צו געגאנגען דיא שטיקעל קאמעדיע: ווארט, צוכע זיך אב א ביסעל פון הארץ ווייטיג, וואס דוא האסט צו ליב דעם ארמען הערשען, נעהם א ביסעל קאלטע וואסער און קום צו זיך, דא וועל איך דיר ערציילען.

דאס וויסטו דאך, מיין ליב הארציגער לעזער, אז גרינשטאקס שוועסטער האט געוואהנט א וואנד איבער א וואנד מיט דעם אונגליקליכען הערעש שטיין; און דיזע וואנד איז געוועזן א דינע, פון ברעטער, אז עס האט זיך אלץ געהערט, וואס עס טהוט זיך אין צימטער. ווייטער דארפסטו אויך וויסען, אז אין דיזער וואנד איז געוועזן א טיהר נאר זיא איז געוועזן פערקלעבט מיט אבאיעס. גרינשטאק ווידער. נאך יענעם אבמאך, האט גענומען אפטער גיין צו זיין שוועסטער פאר דיא פאצט צייט. אונטער קויפען דיא הויז מיידעל, מיט וועלכע ער שיקט דיא בריעף, האט ער מורא געהאט, פיללייכט וועט זיא איהם אויסזאגען; ווידער האט ער בע־רעכענט, אז ער טראגט אליין אוועק זיינע בריעף אויף פאצט. אלזא האט ער גע־מאכט א לאך אין וואנט אין דיא טיהר שפאלטע. דער ביי איז גראד געשטאנען הערעשעס שרייב טיש, און גרינשטאק האט לייכט געקענט לעזען, וואס ער שרייבט. צווישען אלע בריפע וואס הערעש פלעגט שרייבען, האט ער ערזעהען א בריעף וואס ער שרייבט צו זיין ליזען. ער האט אויך ערפאהרען אי דעם אינהאלט אי דיא אדרעסע פון דעם בריעף. פון דעם אינהאלט האט ער געזעהען, אז ער שרייבט איהר זיא זאל דורך אוים זיך ניט היילען צו קומען, ווילע ער פאהרט אוועק אויף א פאר וואכען. דאס האט ער אלס מיטגעטיילט אונ־זער לעאן ווייט, און זייא האבען גלייך געמאכט א בריעף צו פריילין פיינענבוים אין דובעלין, אז הערעש שטיין גייט חתונה האבען מיט פרייליין ראזענפעלד, א בע־וויז אז דאס איז אמת, קען זיא האבען פון איהר הערעשעס בריעף, פון וועלכען עס איז צו זעהען, אז ער וויל דורכאוים ניט, זיא זאל קומען. דאס האט זיא נים געקענט גלויבען. און זייא זיינען געוועזן זיכער, אז זיא וועט געווים קומען.

דעם זעלבען טאג ווען וויים האט געהאט אוים גערעכענט, אז פריילין פיינענ־בוים דארף קומען צו פאהרען נאך זיין בריף, איז ער אוועס צו פייגעל ראזענפעלד און האט איהר געזאגט; אויב זיא וויל זיך איבערצייגען אין שטיינס אויפריכטיג־קייט און ערענטליכקייט, זאל זיא מיט איהם מיטגיין, וועט זיא אלעם קענען זעהען און הערען. דיזע האט גלייך אנגענומען זיין פארשלאג, און דעם רעזולטאט ווייסען מיר שוין.

אין א מאמענט ארום האָט פרײלין ראזענפעלד געפייערט איהר האָכצייט מיט לעאָן ווייס, וועלכער איז געוועזן ווירקליך גוט און טריי, און וועלכער האָט איהר ווירקליך געליעבט! וויא מיר וויסען שוין; און אלע געוועזענע בעווערבער איהרע האבען געפונען פאר זייער רעכט דיזען בונד, ווײל ער האָט זיך ווירקליך אויס־געצייכענט פון אלעמען דורך זיינע איינציגסטע ליעבע צו איהר.

# ענדע.

# די אלמנה.

## 1.

איך ווייס נאר ניט, פאר וואס יאגען זיך דאס די יונגע לייטלעך אלץ נאך שיינע און יונגע פרויען? האט געזאגט זלאטע מאריאסע, וואס האט געהאלטען קאוונער אכסאניא, בשעת זיא איז געשטאנען ביים שפיגעל און האט אן געטאן איר פארוק: איך פארשטעה נאר ניט, וואס ארט זייא, אז דיא ווייב איז ניט אזוי ווייס, אז עס איז דא עטליכע פאקען צייכען אפען פנים, צו אז דיא אויג קוקט אביסעל קאסעאקע? וואסערע נארען דאס זיינען, וויא איך בין אאידישע טאכטער! פון זייערט וועגען וואלט רעכט געוועזן, אז דיא, וואס איז ניט אזוי שיין, זאל זיין צו אלע שווארצע יארען, זאל זיצען ביז גראע צעפ און זאל פארזיצען קינדער; דאס איז דאך גוואלד צו שרייען, אויף מיינע אידישע נאמנות! קורע צו זיין, זאל איך אזוי געזונד זיין!.... אט איך בין שוין איין אלמנה, א פינסטערע אלמנה שוין פון פינף יאר.... עס איז גרינג אב צו זאגען זיך, זיצען אן אמאן 5 קיילעכדינע יאר!.... אין איאר זאגט מען איז הֿ36 טעג.... און איך דארף אפ חושבין פינף מאל דרייא הונדערט פינף און זעכציג טעג אן אמאן.... אוי וויא געשריען! וויא פיל שדוכים האט מען מיר שוין איבער גערעדט, און עס איז אלץ נאר ניסט.... וואס איז? — ווילע איך בין ניט אזא מכורעת וויא זייא ווילען. דאכט זיך איך נעה אין דיא שעהנסטע קליידער, שטעה אב ביים שפיגעל אללע טאג דרייא שעה אפען זייגער, איך פארקעם דעם פארוק מיט אזעלכע גרייזעלעך אז עס איז פראסט אמחיה צו קוקען, — און עס איז אלץ נאר ניסט, קיינער וויל מיך ניט; דארף מען ניט צופלאצט ווערן?.... אט דא שטעהט איין ביא מיר איונגער מאן אגרוש, ער זוכט אשידוך, — לעחי וואלט ער זיך שרכנען צו מיר, ניין!.... און מיין ברודער שלמה אהרן רעט איהם שידוכים מיט אלע שווארציארען, און אויף מיר האט ער גאר פערגעסען.... נאר ניין! דאס וועט ניט זיין.... איך וועל דאס ניט שווייגין. דער יונגער מענש מוז זיין מיין מאן, עס מעג דונערין און בליצען.... ער איז אזא שיינער, אזא געזונטער. חלעבין, עס איז שין צייט, אז דער, וואס איך בין ניט ווערט זיין נאמען צו דערמאנען, זאל זיך אויף מיר דערבארמען, אז דער פאר וואס איך האב אזוי לאנג געווארט, זאל ער מיר בעשערין עפעס ארעכטען מאן. נאר דאצו קאן מיר מין ברודער בעהילפיג זיין.

עס איז אריינגעגאנגען איהר ברודער שלמה אהרן אלט מאַדיש נעקליידט, איאָר פופציג. ער איז געווען אַמלמד אונ האָט זיך בעשעפטיגט מיט שדכנות אויך. ער געהט אריין, און רייבט זיך די הענד פאר פריידע אונ זאָגט: עס וועט זיין רעכט, וויא איך בין א איד! באלד רייס איך אריין שדכנות אשיינע מטבע, חע, חע!

— וואָסערע שדכנות? פרעגט זיא.

— אט איך האב אויסגעזוכט אשידוך פאר דעם יונגען מאן וואס שטעהט דא איין בייא דיר.

דוא ביזט ניט ווערט, וואס דוא גייסט ארום אויף דער וועלט, מיין טייערער ברודער, זאָגט זיא מיט כעס.

— וואס איז מיט דיר געווארען, זלאטע מאריאסע? דוא ביזט אויף מיר אין כעס, וואס?

— דוא פרעגסט נאָך, צו בין איך אויף דיר אין כעס? זאגט זיא; וואו איז דאס געהערט געווארען, רבונו של עולם, אז א ברודער זאלל זיין אזויא אשונא זיין שוועסטער?

— איך בין דיר אשונא, וואס רעדסטו? וואס האָב איך דיר געטאן?

— דו האסט מיר געטאן, וואס אגזלן וואלט ניט געטאן!

— איך פארשטעה איין ווארט ניט, וואס דוא רעדסט, אויף מיין איד....

— ער מאכט זיך ניט וויסענדיג, מיין טייערער ברודער, זאגט זיא מיט א פעראכטליכע גרימאסע, געהערט? אז עס קומט איונגער מענש, פערלאנגט אשידוך זוכט ער אויס פון אונטער דער ערד עפעס אכלה אשווארץ יאָהר, און פאר מיר ארט אים וויא די וואנד.

— טא טא טא! אָט ערשט ווייס איך, וואו דער פייער ברענט, זאָגט ער מיט אשמייכעל: אבער זאג זע מיר, שוועסטער, עס איז דאך שוין אמעשה פון 5 יאהר, וויא מען רעדט דיר שידוכים, אונ.......

— אונ קיינער וויל מיר ניט, ווילסטו זאגען?

— נו טאקע, זאגט ער; וויא קען איך מיך דאַ אריין מישען, אז ער זוכט נאר מי יודע וואס?

— איז נאָך דיינע רייד, זאלל איך זיצען ביז גראע האאר?.... פארוויצע קינדער? הא?

— וואס קען איך דיר העלפין, שוועסטער מיינע? גלויב מיר, איך וואלט וועהר וועלין. דו זארסט זיין גליקליך, אָבער....

— הער, זאָגט זיא, אז דו וואלסט וועלין, וואָלסט דו אויספיהרען.

— עס ווענט זיך דען אן מיר? קען איך אים דען שלעפין פארין קראגען?

— דוא ביזט דאך עפעס א גמרא למדן, אדרייא קעפעל, פאל אויף אפלאן, און ווייטער אז דוא וועסט אוים פירען, ווייסטו דאך אז מיר וועט זיין גוט, וועט דיר אויך זיין גוט.

— וואס קען מיר זיין גוט, אז דוא ביסט פערזונקען אין חובות, און דיין גע־שעפט גייט שלעכט?

— אָבער ער איז דאָך אגניד, אגרויסער סוחר, פארשטייסטו?

— דאס איז אלץ רעכט; אבער זאג זע מיר, מיט וואס קען איך אים איינ־רעדען, מיט וואס צו ציהען צו דער פארטיע, אז ע ע ע....

— נענוג, גענוג! איך וויל קיין זאך ניט הערען. דו זאלסט מיר רעדען דעם שידוך און זאלסט אויספיהרען. דאדורך וועסטו קענען לייכט אוים ברייננען דיין איננערע מאָכטער; לאז עד אריין פריער אין מיינע הענד.

— דוא ביסט גערעכט, זלאטע, זאָגט ער. איך וועל שוין נעהמען מאָחן דערינגען.

---

## 2.

פון דעם געשפרעך, וואָס דער לעזער האָט געהערט ריידענדיג זלאטע מארי־אסע דיא בעל־אכסניאסטע מיט איר ברודער שלמה אהרן דעם מלמד, נכויב איך, האט ער איר שוין קענען געלערנט, אז זיא, זלאטע מאריאסע, איז ניט געוועזען קיין גרויסע שוינהייט, איז איין אלמנה פון פינף יאהר, וואס קיינער האט איר ניט גע־וואלט נעמען; אז זיא איז געוועזען פארזונקען אין חובות, דאס הייסט גאר ניט רייך, און אז זיא איז געוועזען אבראנדולקע, דאס הייסט אזעלכע, וואס אמאן דארף חרטה האבען, וואס ער האט געהייראטהעט; דערצוא איז זיא גלאט געוועזען פון פראסטען סארט ווייבער, וואס אין אנזועלשאפט פון אינטעללינענטע פרויען האט זיא ניט געקאנט זיין. און דערצוא וועל איך אייך נאך דערלייגען, אז זיא האט געהאט עטליכע קינדער פון דעם ערסטען מאן, וואס איז אויך קיין גרויסע מעלה ניט צו א שידוך.— צו אלע איהרע חסרונות האט זיא אבער געהאט איין מעלה: זיא האט געוואלט האבען אמאן.

דער יונגער מאן, וועלכער איז בייא איהר איינגעשטאנען את אויף וועלכען זלאטע האט געווארפען איין אויג, איז געוועזען אמאן פון 28 יאָהר זעהר שיין אונד

רעז־צוא האט ער ארסגעזעהן ניט קיין נאר צו זיין. מענדיל קארטפעלד (זא וואר זיין נאמען) פלעגט ארום פאהרין איבער די קליינע שטערטלעך אויף קויפען קאלב לעדער, וואל, שוויינבארסטען און האט מיט געפיהרט מיט זיך עטליכע מויזענד רוביל. ער איז געוועזן אנרוש, קיין קינדער האט ער ניט געהאט. וויא ער האט דא דערוואוסט, אז דער שלמה אהרן איז אשרבן, האט ער איהם אויף געטראגען, ער זאל זעהן פאר איהם עפעס ארעכטען שידוך. דיזער האט שוין ארסגעפונען א גוטין שידוך און איז דאס געקומען, אז ער האלט צו פעררינגען ארעכטע מטבע שדכנות: נאר דאס האבען מיר שוין געזעהן, וויא די שוועסטער האט איהם אבגעשלאגען די פלינקען און איז צו איהם צו געשטאנען, ער זאל איהם פאר שלאגען א שידוך מיט איהר, אבער ער זאל אויספיהרען דורך וועלכען עס איז שוינדעל, אז ער זאל ווערין איהר מאן. אלזא האט ער פאר קארנפעלד פון יענעם שידוך ניט גערעדט, און איז אוועק אהיים שלייפען דעם מוח, וויא ער זאל דא אוסטראיען דעם שידוך: דען ער האט גאנץ גוט געוואוסט, אז ווען ער זאל איהם גלאט פארלעגען דעם שידוך מיט זלאטע מאריאסען, וועט ער איהם אשפייא טאן אין געזיכט און וועט ענטלויפען, וואו פעפער וואכסט.

שלמה אהרן האט געהאט צוויא טעכטער: איינע אפעראייראטהעטע, די אנדערע נאך אמעדכען, ביידע זעהר שיינע; די ערסטע האט ער זיך געדארפט אויס טאן פון הוים, איר חתונה צו מאכען; פאר די אנדערע האט ער שוין ניט געהאט קיין הוים, פון וואס אויס צו טאן זיך. דער ערשטער האט ער אוועקגעגעבען זיינע אשטיבעל, וואס ער האט געהאט בירושה, מיט נאר זיינע ארעמע ווירטשאפט. פאר די אנדערע האט ער מעהר ניט געהאט, וויא די נשמה אוועק צו געבען, און די נשמה ווילען די חתנים ניט אננעהמען אין נדן בשום אופן. ער איז ארומגעגאנגען זעהר בעזארגט וועגען די צווייטע טאכטער. אזויא שלייפענדיג דעם מוח וועגען זיין שוועסטער, איז איהם אריין געפאלען אנליקליכער געדאנקען, דורך וועלכען עס קענען געגעזען ווערען צוויא קראנקע אויף אמאל, דאס הייסט זיינע שוועסטער זאל קריגען אמאן און נאך וועטען זיא וויל, און דאן וועט זיא שוין קענען געבען נדן פאר זיין אינגערע טאכטער. ער האט זיך געגעבען א פאטש אין שטערן און געזאגט: וואול, וויא איך בין א איד!

— רויזקע! האט ער ארוף געטאן די עלטערע טאכטער. זיא איז צו גע־גאנגען.

— רויזקע! זאגט ער: דו ווילסט ראטעווען דיין שוועסטער?

— ראַטעוועז! נים דיא אַנטשריייא און אבראך מיט דיא הענד: וואָס פאַר איין אונגליק האָט מיט איר געטראָפען? אוי ווייא איז מיר!

— עס האָט מיט איהר קיין אונגליק געטראָפען, פֿון דעסט וועגן איז דיא אונגליקליך.

— וואָס פאַר איין אונגליק? זאָג זשע, פֿאָטער.

— דוא ווייסט גאַנץ גוט, רויזע, אַז זיא האָט קיין נאָך נים, און זיא שטעהט איין געפֿאַר צו זיצען ביז גראָע צעפּ.

— אַה, זאָגט זיא מיט אשמייכעל. איז זאָגסטו פֿאָטער, אַז איך קען איהר ראַטען?

— יע. אויב דו ווילסט זיא ראַטעווען, טוא אָן דיין גוטע קלייד, און קום מיט מיר.

— וואוהין ווילסטו מיך פֿירען, פֿאָטער?

— צו דיא מוהמע זלאַטע מאַריאַסען, מער ניכט.

— פֿרעג קיין קשיות נים, און קום.

רויזיל האָט זיך אנגעקליידעט איהר בעסטע קלייד מיט אַטאַנטעל און איז אוועק מיט איהר פֿאָטער צו אונזער בעקאַנטע זלאַטע מאַריאַסען.

וויא זייא זיינען געקומען אַהין, האָט זלאַטע מאַריאַסע געמאַכט אַפֿינסטערע מינע, דען מיר ווייסען. אז דיא נים שיינע פּרויענצימער ליידען זעהר נים דיא שיינע און זיינען זיי נאָך דאַצו גרויסע שונאים. דאַ וואַר זיא נאָך אויפגעבראַכט אויף איהר ברודער, וואָס ער האָט איהר געבראַכט. דען וויא זיא האָט געוואָרפען איין אויג אויף קאַרנפעלדן, האָט זיך איהר זעהר נים געוואָלט, עס זאָל זיך דאָ אַרום דרייען אַ פיגורע, וואָס איז שעהנער פֿון איהר, וואָרום עס קענען איינפאַלען אַלע איהרע פּלענער.

שלמה אהרן האָט גלייך פֿאַרשטאַנען, אַז זיין מאַכטערס קומען ראַט נעך מאַכט אויף זיין שוועסטער אַ שלעכטען איינדרוק. ער האָט איהר אָבגערופֿען און אויים און זאָגט:

— זלאַטע, דו ווילסט האָבען קאַרנפעלדן פֿאַר אַמאַן?

— וויא הייסט עס? דו פֿרעגסט נאָך? זאָגט זיא מיט ערגער.

— אַלזאָ מוז מיין רויזעל דאַ זיין.

— וואָס נאָך ועסטו אוים טראַכטען? ביזטו פֿון דינען אַראָב? פֿרעגט זיא מיט כעס.

— איך פארשטעה, וואס דו מיינסט, זאָגט ער; נאר זייא רוהיג, דאס, וואס דוא מיינסט עס וועט קאלע מאכען, וועט דוקא פיהרען צום ציל.

— איך פארשטעה ניט, וואס דו רעדסט, אויף מיינע אידישע נאמנות — מיט דיא ווייבער איז זיך ניט צו נויף צו ריידין, וויא איך בין אַייד, זאָגט ער קראַצענדיג דיא פלייצעס: הער צו, זלאטע, כאמיר זיך ניט נארין, אז איך זאָל איהם גלייך פאָרשלאגען אשידוך מיט דיר, וועט עס ניט געהן, דוא קענסט אויף מיר פאר איבעל האָבען' אבער עס וועט ניט געהן.

נענוג שוין, גענוג שוין, זאָגט זיא מיט ערגנוי'; דען אפרויענצימער וויל זעהר ניט ליידען, אז מען ניט איהר אָנאוהערנס, אז זיא איז ניט שיין, ובפרט זלאטע מאריאסע, וועלכע האט זעהר געליטען דער פון, וויא מיר ווייסען.

— אלזא, זאגט ער ווייטער, אום אויס צופיהרען דעם שידוך מוז מען אבי־סעל צו שווינדלען, דוא פארשטייסט צו ניין? לכן מוזטו מיר פאלגען אלץ, וואס איך ...על הייסען.

— איך וועל דיר שוין פאלגען, זאגט זיא מיט א זיפץ. איז וואס דארף איך טאהן?

— דוא דארפסט גארניכט טאהן; מעהר ניט רייזעל זאל דא זיין דיא בעל הבית'טע אין שטוב, פארשטעהסטו? דוא קענסט דאָ זיין אין שטוב און מאהן, וואס דו ווילסט; אבער דיא בעל הבית'טע זאל זיא זיין, אונ ווייטער דאס איברי־גע פארלאז זיך אויף מיר, דיין שלמה אהרן האט מארך אין קאפף, חע חע!

שלמה אהרן האט זיך מיט זיין שוועסטער און מיט זיין טאכטער נאך אביסל דורך גערעדט אונ איז אוועק געגאנגען.

---

8.

עס איז פאר איבער געלאפען נאך צווייא טעג. מענדעל קארנפעלד איז זיך געזעסען אליין אין זיין נומער אונ האט געטרונקען טהייא. ער האט זיך דער ווייל ארויס גענומען זיין רעכנ:ביכל האט זיך אויסגערעכינט דיא סחורה, וואס ער האט דא געקויפט, אונ רעדט צו זיך; סחורה האָב איך דא געהאנדעלט ניט שלעכט; עס שטעהט דא מיר פאר נוט צו פערדינען. אבער מיט דיא לעבענדיגע סחורה גייט צו שווערליך. איך האב דא אנגעבאטען דעם שלמה אהרן, ער זאל זעהען פאר מיר אשידוך. — קומט ער נאָר ניט. זאל דא זיין שווער צו טאן אשידוך?....

איינענטליך איז דא אנומער פלאץ פאר מיין געשעפט, עס וואלט מיר לוינען דאָ

צו בעזעצען זיך/— איז אז עס וואלט זיך מיר דא מאכען אשידוך, וואלט עס גע-
ווען זעהר קסטאמי....

ער האט אנגעשטיצט דען קאפף אן זיין האנד אונ האט זיך פערטראכט
אויף איינינע מינוטען. נאכדעם האט ער גענומען ארום געהן איבערין צימער אונ
רעדט צו זיך: אט דיא ווייבל, דיא רויזעל וואלט זיך זייער פאסען פאר מיר....
זיא איז עפעס אזא שיינהייט אונ אזא ליבעס וועזען! צום אונגליק איז זיא עפעס
אזא שעמעדיגע, אז איך נעהם מיט איהר ריידען, זוכט זיא אימער אויס פליכטע
אונ זעהט מיך אימער אויס צו מיידען. איך וואלט וועלען וויסען אויף קלאר, ווער
אונ וואס זיא איז, פיללייכט וואלט קענען פון איהר ווערען אפארטיע פאר מיר....
אונ דער שלמה אהרן, אין שווארציאהרען, ווייזט זיך גאר נים. דורך איהם וואלט
איך עפעס דערגעהן אמאָלק.

קארנפעלד האט זיך ווייטער גזעצט טרינקען טהייא. מען האט אנגעקלאפט
אין טהיר, עס איז אריין שלמה אהרן. קארנפעלד האט איהם געבעטען זיטצען אונ
איהם איינגעגאסען אנגלאז טהייא.— הערט אויף מיט אייערע טהייא, זאגט שלמה
אהרן; איהר יוננע לייט אלץ מיט אייערע טהייא. וואס האט מען דער פון?
אויסשווייגקען דיא געדערים מיט ווארעמע וואסער — דאס איז בייא מיר בלאטע.
ניט בעסער אהער אביסעלע משיפרא דשופרא.... אנגלעזעלע שפירט נעהט טאקע
פונאנדער אין אלע גלידער, חכעבען!

קארנפעלד האט אנעקלונגען. עס איז אריין רויזעל. בייא דעם יוננען מאן
איז געווארען דיא אויגען שפיצינג קוקענדיג אויף איהר. שלמה אהרן האט דאס
בומערקט, נים א הוסט אונ טראכט בייא זיך: עס באקט, וויא איך בין א איד!

קארנפעלד האט געבעטען, מען זאל אריינטראגען אגראפינציק מיט בראנפען
מיט צו בייסען. זיא איז ארויס געגאנגען.

— ווער איז זיא דאס דיא ווייבעל? פרעגט קארנפעלד.

— וויא הייסט עס? איהר ווייסט נים זאלט איהר געזונט זיין, דאס איז דאך
דיא בעל הבית'טע.

— יע, זיא ראספאראזאיעט זיך דאָ וויא א בעל הבית'טע, זאגט קארנפעלד,
אונ איך האב פריער געמיינט, אז דיא שווארצע ווייבעל איז דאס דיא בעלהביתטע
טא ווער איז זיא?

— דאס איז אשכנטע, וועלכע קומט ווען אריין דא אייסהעלפען, ווען עס איז
דא פיל ארבייט.

